שלום ראק

# א בינטל
# געדאנקן און זכרונות

## גאסטינין



תל־אביב 1958

שלום ראק

# א בינטל געדאנקן און זכרונות

גאסטינין

תל־אביב 1958

אנשטאט א מצבה.

שולמית׳ס און מיינע עלטערן,
שוועסטער, ברודער און קרו-
בים, פארפייניקטע דורך די
דייטשע בארבארן - געווידמעט

דער מחבר.

# אינהאלט.

עמוד



*

## פאָרוואָרט :

דער מחבר פון דעם בוך, וועלכער איז
נישט קיין ליטעראַט און נישט קיין שרייבער, איז
דורך אַ פּאָר יאָר געווען דער רעדאַקטאָר פון יזכור
בוך "גאַסטינין", וואָס האָט געזאָלט אַרויסגעגעבן
ווערן דורך דעם "ארגון יוצאי גוסטינין בישראל"
צום אָנדענק פון דער אומגעקומענער קהלה גאַסטינין
דורך 4–5 יאָר האָט ער געזאַמלט מאַטער
יאַל, געשריבן, קאָרעגירט און געמונטערט די גאַסטי
נינער לאַנדסלייט אַריינצושיקן זייערע זכרונות,
געדאַנקען און בילדער. ער האָט נאָר צוזאַמענגענומען
די "עצמות היבשות" און באַמיהט זיך אַריינצוגעבן
אין זיי אַביסל רוח חיים.

דער מחבר פון בוך איז דאָך אייגענט
ליך נישט קיין גאַסטינינער נאָר אַ וולאָצלאַוועקער.
זייענדיק אָבער די לעצטע פינף יאָר פאַרן צווייטן
וועלט קריג אין גאַסטינין אַלץ לערער פון העברע-
איש און געהייראַט דאָרט איינע פון זיינע שילע
רינס, האָט ער געפילט זעהר פיל צוגעבונדנקייט,
סימפּאַטיע און ליבע צום דאָזיקן שטעטל, וואָס האָט
פאַרמאָגט אַ שיינע יידישע און ציוניסטישע טראַדי-
ציע, אַ אינטעליגענטע און קולטורעלע יוגענד, אַ
שטעטל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך פיל בוי-
ערס און קעמפּערס פאַר דער, מיט צען יאָר צוריק ,

ענטשטאנענער און באנייטער יידישער מדינה אין ארץ – ישראל.

דער מחבר האט דאריבער געהאלטן פאר זיין הייליקן חוב נישט לאזן פארגעסן א שטיקל געשיכטע פון א יידישע קהלה אין פוילן און עס פאראייביקן אין פארם פון א יזכור בוך.

צוליב פארשידענע סיבות איז נישט ער מעגליכט געווארן דאס אויבנדערמאנטע בוך ארויסצוגעבן אין ישראל. און ווילענדיק אויפשטעלן א מצבה זיינע עלטערן און פאמיליע, ווי אויך די עלטערן און פאמיליע פון זיין פרוי, וועלכע זענען אלע, נאך שרעקליכע פיין און צרות, אומגעקומען, ווער אין געטא און ווער אין די קאנצענטראציאנס לאגערן, דורך די דייטשע בעסטיעס, האט דער מחבר באשלאסן זיינע אייגענע "געדאנקן און זכרונות", וועלכע האבן געזאלט אריין אין יזכור בוך "גאסטיניך", אין דער באשיידענער פארם פון דעם בוך, א רויסצוגעבן.און אט א פאר אויסצוגן פון פארווארט צום יזכור בוך "גאסטינין".

וויפיל מיר זאלן נישט דערציילן און דערמאנען וועגן גאסטינין און איהרע יידישע איינוואינער, וועגן דער אנטוויקלונג פון יידישן לעבן דארט, וועגן די ליידן און פריידן פון אקליין יידיש שטעטל אין פוילן דורך עטליכע צענדליקע יארן פארן צווייטן וועלט קריג, וועגן גאסטינין וואו עס האט געברויזט א רייך יידיש לעבן,וויפיל מיר זאלן נישט דערמאנען די צייט פון דער דייטשער אקופאציע, דאס יידישע געטא, און צום ענדע די גענצליכע ליקווידאציע פון דער גאסטינינער

קהלה, ווי אויך די ליידן, פיין און צרות, וואס זענען געווען דערמיט געבונדן, אלץ שוואכער און קעלטער ווערט דאך אונזער צוגעבונדנקייט צו דעם קליינעם שטעטל, אין וועלכן מיר זענען געבוירן געווארן, און וואו עס זענען אפגעפלאסן אונזערע קינדער-יארן, פאר איינעם מעהר און פאר א צווייטן ווייניקער גליקליך, און וואו א טייל פון אונז האט דא געשטעלט די ערשטע טריט צו פארווירקליכן דעם טרוים און דעם ווילן פון אונזער נאציאנאלער זעלבשטענדיקייט.

און עס איז א נאטירליכע און פארשטענדליכע זאך. די צייט און די געאגראפישע ווייטקייט פון אונזער געבורטס-שטעטל ווי אויך דאס נייע לעבן, וואס מיר פירן, צי אין אונזער באנייטער מדינה, צי אין אמעריקא, אדער וואו ערגיץ אנדערש, דאס לעבן מיט זיינע דאגות, גליק און אומגליק, שרעבונגען און האפנונגען, דאס אלץ האט צוגעפירט אז מיר זאלן לאנגזאם פארגעסן אונזערע אלטע היים.

טייל מאל אבער גיט עפיס א קלאפ אין הארצן און מיר דערמאנען זיך אין געוויסע עפיזאדן פון יידישן לעבן אין גאסטינין. טייל מאל שטעלן זיך פאר אונזערע אויגן פארשידענע בילדער, פאקטן און געשעענישן, וואס ליגן טיף איינגעבאקן אין אונזער זכרון, און דאמאלס פילן מיר ווי עס וואלט אונז עפיס געפעילט, ווי מען וואלט אונז צוגענומען א טייערע און קאסטבארע זאך, און ווי מיר וואלטן אנגעווארן א וועלט, וואס וועט מעהר שוין נישט צוריק קומען.

און דאריבער איז ענטשטאנען דער גע
דאנק צו פאראייביקן די פארגאנגענע צייט און
דאס קליינע שטעטל, דעם מארק און די אלטע שוהל,
די יידישע קהלה מיט זיינע דאזרעס, די יידישע
ראטמענער, די חדרים מיט די צענדליקער יידישע
קינדער, די יידישע פאלקס שולע, די "דיבאנקעס"
און דעם "שווארצן גארטן", וואו יידישע בחורים
און מיידלעך פלעגן שפאצירן יעדערן שבת. אויך
דעם "קאטשאל", דאס איינציקע ארט, וואו מען האט
זיך געקאנט באדן אין די הייסע זומער טעג, דעם
יידישן ספארט קלוב "קאנקארדיא", די גמילת חסדים
קאסע, דאס יידישע טעאטער און ביבליאטעק, די בתי-
מדרשים און שטיבלעך, די פארשידענע יידישע ארגא
ניזאציעס און פארטייען - דאס אלץ פאראייביקן
כאטש אין שריפט.

מיר, די אין לעבן געבליבענע נאך דער
גרויסער טראגעדיע און קאטאסטראפע, וואס האט פאר
ניכטעט א דריטל פון יידישן פאלק, מיר געדענקן נאך
און דערמאנען פון צייט צו צייט דאס אלעס. אבער
אונזערע קינדער און אויך די איינינקלעך פון אונ
זער עלטערן דור, וועלכע לעבן היינט אין מדינת
ישראל, אדער ענגלאנד, אמעריקא און אנדערע גלות
לענדער, זיי אלע האבן זעהר ווייניק סענטימענט
פארן געבורטס ארט פון זייערע עלטערן און קרובים,
פאר זיי אלע זאל דאס דינען אלץ א קורצע געשיכ
טע פון יידישן לעבן אין גאסטינין, א געשיכטע
פון ראנגלנישן אין טאג טעגליכן לעבן, א געשיכטע
פון יידישער פיין און צארן ווי אויך שטרעבונגען
און האפנונגען פאר א בעסערן און שענערן מארגן.

און פאר אונז אלע זאל דאס זיין א לערע פאר דער צוקונפט און א וועג ווייזער צו א פריי, נארמאל און מענשליך לעבן.

זאל דאס בוך דינען אלץ אן אויסדרוק פון פיין און צארן, פאר א געשריי פון שויט פון א אומגליקליך פאלק, וואס איז געפירט געווארן צו דער שחיטה. זאל עס דינען אלץ אויסדרוק פון אומ באשרייבליכע יסורים פון א טראגיש יידישן דור.

און זאל דאס בוך, וואס איז הויפזעכ-ליך געווידמעט די קדושים פון דער גאסטיינער קהלה, זיין אויך א דענקמאל פאר מיינע הייס גע ליבטע עלטערן, ירחמיאל און הענא, מיינע ברודער הערש, יחיאל און פייביש (די ערשטע צוויי זענען פון פאריז געשיקט געווארן נאך אוישוויץ), און מיינע ליבע שוועסטערלעך, עדזיא און לילקא. אלע זענען זיי, צוזאמען מיטן כלל ישראל, אומגעבראכט געווארן דורך די פארשאלטענע און מערדערישע דייטשע בארבארן.

*

צום סוף בעט איך ענטשולדיקונג ביי די אלע, וועלכע וועלן דאס בוך אדורכבלעטערן, פאר די עווענטועלע ארטאגראפישע, סטיליסטישע און דרוק פעלערן. צוליב טעכנישע סיבות איז דאס אונ מעגליך געווען צו קארעגירן.

איך דריק דערמיט אויך אויס מיינע גרעסטע באדויערונג, וואס דאס בוך איז ארויסאין יידיש און נישט אין עברית.

ש. ר.

*

# א בינטל

## געדאנקען און זכרונות .

דאס איז נישט קיין אטאביאגראפיע, און נישט קיין היסטאריע אדער געשיכטע, וואס איך וויל דא באשרייבן, נאר א בינטל געדאנקען און זכרונות פון געשעענישן, וועלכע האבן געליגט א סטעמפל און געהאט א גרויסן איינפלוס אויף מיין לעבנס – וועג, פון דער ערשטער מינוט, ווען איך האב פארלאזט מיין היים.

דאס זענען פאקטן און געשעענישן, וואס איך האב זיי געזעען מיט מיינע אויגן, און וועלכע זענען נאך ביזן היינטיקן טאג טיף איינגעבאקן און איינגעווארצלט אין מיין זכרון.

*

## ארויס פון דער היים.

1934. איך ווער זעלבסשטענדיק. לוט א פאראָרדנונג פון די צענטראַלע פּאַרטיי אינסטאַנצן פאַרלאָז איך מיין געבורטס שטאָט וולאָצלאַוועק, מייַנע עלטערן, קליינע שוועסטערלעך און ברודער, מייַנע אַלטע פריינד פון דער באַוועגונג, און פאָר אַפּ קיין גדיניא, אַנצופירן דאָרט מיט דער בית"רישער אַרבייט.

מיין פאָטער, עליו השלום, האָט ב יז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן מיר נישטגעקאָנט שענקען, וואָס, האַבענדיק אַ מעגליכקייט צו פאָרן נאָך אויסלאַנד און שטודירן, האָב איך פּלוצלינג געוואָרפן מיינע גאַנצע צוקונפט און געגנצליך אָפּגעגעבן זיך די פּאַרטייִשע אַרבייט.

דאָס איז אָבער דער אייביקער קאַמף צווישן עלטערן און יינגערן דור. דער עלטערער דור זעט פאַר דעם וועג צו דער צוקונפט לויטן אייגענעם נסיון, ער גייט שטענדיק אין אַ אויסגעטראָטענעם וועג, ער איז נישט גרייט און האָט שוין נישט קיין מוט, אַזוי ווי דער יינגער דור, איבערצורייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, און מיט ראַדיקאַלע מיטלען ענדערן זיינע און די פאָלקס באַדינגונגען, אויף אַ בעסערן און זיכערן מאָרגן.

מיין פאָטער איז אַליין געווען אַ היי

סער און געטרייער ציוניסט. אבער ווי ביי א ל ע אנדערע יידן, אין די דאמאלסדיקע צייטן , איז אויך זיין ציוניזם באשטאנען אין "הייסן א צוויי טן געבן געלד, אז א דריטער זאל קאנען פארן נאך ארץ ישראל". דאס איז אבער נישט געווען זיין שו לד, נאר די אפיציעלע שטעלונג פון די "פראקטישע" קליין - ציוניסטן פון יענער צייט, פאר וועלכע ארץ ישראל איז געווען נישט מעהר ווי אן עקספע- רימענט פאר זייערע סאציאליסטישע אידעען, אבער נישט קיין ענטפער אויף דער "יודענפראגע" א ו ן "יודענויט" אין דער גאנצער וועלט.

אויך מיין פאטער האט געגלויבט אין פארווירקליכונג פון ציוניזם. אבער דורך א מאדנע איבערצייגונג, וואס האט דאמאלס געהערשט א ו י ף דער יידישער גאס, האט אויך ער געהאלטן, אז מיר וועלן סיי ווי גארנישט אויפטון. און אויב עס וועט קומען די צייט, וועט די יידישע מדינה אויפ שטיין, אט אזוי.



גדיניא, דער האפן פון פוילן, דאס פענסטער אין דער וועלט, ווי די פאלאקן האבן עס גערופן, און וואס איז אלט געווען איינגאנצן אכט יאר, איז שוין דאמאלס געווען איינע פון די שענ סטע און מאדערנסטע שטעט אין פוילן. צווישן א באפעלקערונג פון בערך א פינאונפופציק טוי-זנט איינוואינער האבן דארט געלעבט נאר א דריי טוי זנט יידן. דאס יידישע געזעלשאפטליכע און קולטו

רעלע לעבן איז נאך דארט געווען אין די וויקעלעך.

איך געדענק נאך דעם יידישן סוחרים פאריין, וואו עס האט זיך אויך געפונען דער בית"ר־ישער לאקאל, דעם יידישן קלוב, וואו עס האט זיך צוזאמענגענומען א טייל פון דער יידישער געזעלשאפט, געשפילט אין קארטן, געהארכט מוזיק און געטאנצט. איך געדענק ווי עס האט זיך אנגעהויבן צו ארגאניזירן די יידישע גמינע, וועלכע איז דאמאלס באשטאנען פון א ראט פון יידישע סוחרים און האנדלס מענשן. קיין יידישע ארבייטער פארטיי האט נאך דארט נישט עגזיסטירט.

גלייך ביי מיין אנקומען איז אין גדיניא געשאפן געווארן א יידישע פאלקסשולע מיט דער פוילישער אונטעררינכטונגס שפראך, וואו איך בין געווען איינער פון די ערשטע יידישע לערער. אין די אוונטן האב איך געפירט קורסן פאר עברית, אין בית"ר ווי אויך פריוואט.

איך זעי נאך פאר מיינע אויגן די קליינע יידישע מיידלעך און יינגלעך, וו על כע האבן מיט א קינדעריש נייגעריקייט און נאאיווקייט צוגעהערט זיך צו די לעקציעס, וועלכע האבן זיי ארייגעפירט אין א נייע, מיסטעריעזע, פאר זיי נישט באקאנטע וועלט.

איך געדענק די ווארימע, וונדערבארע נעכט, ווען מיר זענען געזעסן ביים ים, א גרופע יוגענטליכע, און געחלומט וועגן א יידישע מדינה וועגן יידישע לאנדווירטשאפטן און יידישע פויערן, יידישע שטעט מיט סוחרים, קליינהענדלער און בעלי־מלאכעס, פאבריקן, געשעפטן און ווארשטאטן, יידי

שע שולן און לערערס, יידישע מיניסטארן און מילי
טער. מיר האבן געחלומט און געחלומט און אליין
נישט געגלויבט אז אזוי שנעל וועט אונזער חלום
פארווירקליכט ווערן .

א יאר צייט בין איך געווען אין גדי
ניא. און לויט א פרישע פאראַרדנונג פון אונזערע
פארטיי אינסטאנצן בין איך געשיקט געווארן נאך
גאסטינין, צו די זעלבע וואס פריער צוועקן און
אויפגאבן .

*

# אין גאסטינין .

נאך גאסטינין בין איך אנגע קו מען דעם 12טן מאי 1935, אין דעם זעלבן טאג ווען דאס פוילישע ראדיא און אלע צייטונגען האבן איבערגע געבן וועגן טוים פון ערשטן פוילישן מארשאל, יוזעף פילסודסקי.

איך געדענק נאך ווי ביים אוטא בוס האט מיך ענפאנגען דער סעקרעטאר פון ארטיקן בית"ר, שמאי קונצמאן, אנגעטון אין א ברוינעם מונדיר, ברוינעם הוט, און אלע אפצייכנונגען פון א בית"רישן מפקד. ער האט מיך אפגעפירט צו די פא מיליע וואַרקאוויטש, וואו איך בין געווען די ער שטע פאר טעג.

שווער איז מיר געווען פון אנהויב צוגעוואוינען זיך צום ארט לעבן פון גאסטינין. דאס רואיקע און שטיל לעבן אין שטעטל, די קליינע האלצערנע היידלעך, דאס פינסטערניש און שטילקייט אין די אוונטן, דאס אלץ האט אויף מיר געמאכט א שווערן איינדרוק. מיט דער צייט אבער, ווען אי ך האב שוין געפונען מיין געזעלשאפט און מיין אר בייט,און איבערהויפט ווען איך האב שוין באקענט די גאסטינינער איינוואינער מיט זייערע ל יי ד ן

און פריידן, איז דאס שטעטל מיר געווארן נאענטער און איך האב עס זעהר ליב געקריגן.

ווען איך האב געשיקט דעם ע ר ש ט ן בריף צו מיינע עלטערן פון גאסטינין נאך וולאצלא וועק, ווילענדיק זיי באשרייבן ווי דאס שטע טל זעיט אויס, האב איך זיי אזוי געשריבן: " שטעלט אייך פאר דעם שווארצן אדער גרינעם מארק אין וולאצלאווועק, מיט שאסייען וואס פירן נאך קוטנא, פלאצק, קאוואל און גאמבין, מיט א " קאלע " וואס גייט נאך פלאצק און קוטנא און דאס איז גאס- טינין .

ווען איך בין דאס ערשטע מאל אהיים געפארן אויף אורלויב פון גאסטינין נאך וולאצלא וועק, האט מיין געבורטס שטאט אויסגעזעען ווי זי וואלט פיל גרעסער געווארן דורך דער צייט פ ו ן מיין נישט דא זיין און ווי איך האב די לעצטנס געזעען . די גאסן ווי זיי וואלטן פיל בריי טער און גרעסער געווארן, די הייזער פיל העכער, די געשעפטן פיל רייכער און שענער.

א פארקערטן איינדרוק האט גע מא כט אויף מיר וולאצלאווועק, ווען איך בין צוריק געקו מען פון גדיניא אין יאר 1935. דאמאלס האט וולאצ לאווועק פאר מיר אויסגעזעען ווי א קליין און מיס שטעטל. נאר די ווייסל, וואס איז דורך איהר גע פלאסן, די פארקן אין שטאט און די וועלדער ארום און ארום, נאר זיי זענען געווען איהר צירונג .

## דער "קאַטשאַל".

עקביא בן מהלל אומר:
הסתכל בשלשה דברים ואין
אתה בא לידי עברה. מאין
באת, לאן אתה הולך, ולפני
מי אתה עתיד לתת את הדין

אין די הייסע זומער טעג און אוונטן פלעגן די גאסטינינער איינוואינער, און איבער־הויפט די יוגענד, גיין צום " קאטשאל " באדן זיך און "ברענען" אויף דער זון. דאס איז געווען א רונדיקע אזיערע, פיר הונדערט מעטער די ג ר ו יס און צוליב זיין אויסזעען ווי א גרויסער, רונדי־קער קעסל, האט ער באקומען דעם נאמען "קאטשאל". ער האט זיך געפונען אויפן וועג נאך קאוואל. א רום איהם איז געווען א קליין, געדיכט וועלדל.

אין איין זייט פון "קאטשאל" איז גע וועזן דער פוילישער צמענטאר. דורך זיין טויער האבן ארויסגעקוקט צו דיר די קברים פון לאנג פאר שטארבענע. און א מאדנע געפיהל האט דיך ארומגענו מען ווען דו האסט באטראכט די דאזיקע שטימע שטיי נער, אונטער וועלכע עס האבן זיך געפונען סקעלע טן און רעשטלעך פון מענשן, וועלכע האבן אויך א מאל געלעבט ווי איך און דו, און אפשר אויך ווי

איך און דו פון צייט צו צייט געקומען צום " קא
טשאל " זיך באדן.

א ספעציעל טרויעריקן און ערשיטערטן
איינדרוק האט געמאכט דער אויפשריפט אויףביידע
זייטן איינגאנג. פון איין זייט: "מיר זענען גע
וועזן, וואס איהר זענט היינט" און פון דער צווי־
טער זייט: " איהר וועט זיין, וואס מיר זענען
היינט " .

א טיפער און אייביקער געדאנק. דער
מענש לויפט, שוויצט און שאפט דורך זיין גאנץ
לעבן, און צום סוף, איידער ער האט נאך גע האט
צייט צו געניסן פון זיין גוטס, וואס ער האט זיך
פארשאפט, מוז ער שוין פארלאזן די זינדיקע א ון
נישט דאנקבארע ערד .

און די שטומע קברים באקומען אויך
א טיפן אינהאלט, און ווי זיי וואלטן גערעדט צו
דיר: דו, זינדיקער מענש, שטאלציר נישט אזויפיל
מיט דיין לעבן און דיינע מעשים.קלער אויך נישט
נאר פון לוסטיקייט און פארוויילונגען.אויך מיר
זענען אמאל לעבעדיק געווען, און זעי, וואס עס
איז אונזער סוף. און אויך דיין סוף וועט זיין
ווי אונזער .

"כי עפר אתה
ואל עפר תשוב" .

*

# ל"ג בעומער אין שטעטל.

ל"ג בעומר. דער יום-טוב פון בר-
כוכבא און רבי עקיבא. דער יום-טוב פון באנייטן
יידישן כח און יידישער גבורה.

נאך א גאנצן טאג פארברענגען אין
וואלד, וואו מען האט זיך געלערנט שנעל אויפשטעל
געצעלטן, געמאכט ספארטליכע איבונגען, געהאט
לעקציעס וועגן ארץ ישראל, יידישע געשיכטע און
יידישע פרייהייטס קעמפער, געזונגען און געטאנצט
גייט צוריק די בית"רישע יוגענד אין שטאט אריין

דאס גאנצע שטעטל איז אויף די פיס.
שוין פון דערווייטנס הערט מען זיי גיין, קלאפן
אין די פויקן און זינגען: "אנו עולים ארצה בשי
רה ובזמרה".

אט זענען זיי שוין אין דער גאמבי
נער גאס. זיי גייען אריין אין מארק.
צענדליקע יוגענטליכע, יינגלעך און
מיידלעך, מארשירן זיי אין פעסטע און גלייכע
רייען, און אין קלאנג פון א טראמפייט און פויק
די בלוי ווייסע פאן, די פאן פון יידישער האפ
נונג און באפרייאונג, פלאטערט הויך איבער די

קעפ, געטראגן דורך פעסטע, יידישע הענט. היינט א
פאן אין די הענט, מארגן אפשר א ביקס.

א נייע יידישע יוגענד. א קאמף האבן
זיי אנגעזאגט דעם עלטערן דור, וועלכער וויל
נישט צורייסן די קייטן פון לאנגן און שווארצן
גלות. די אויפגאבן און צוועקן פון אט דיזער
נאציאנאלער, יידישער יוגענד, איז: ליקווידירן
דעם גלות און באנייען די יידישע מלוכה אין
ארץ ישראל.

ארום דעם מארק שטייט דאס גאנצע שטעטל. אלטע יידן, פרויען און קינדער.

אן עלטערער ייד מאכט "שהחיינו".
ער גלויבט אז ער הערט די קלאנגען פון משיח.
אט, אט, דורך דער יוגענד, און דורך דעם נייעם
יידישן דור, וועט זיכער קומען דער משיח.

א פרוי, א הייסע יידישע מאמע, מיט
א קליין קינד אויף איהרע צארטע הענט, לאזט א
טרער. אפשר וועט זי אויך דערלעבן און זוכה זיין
צוזאמען מיט איהרע קינדער צו פארן נאך ארץ-
ישראל און דארט, אונטערן פרייען און בלויען
הימל, אויף די הייליקע הערד פון אונזערע אבות,
אנהייבן א פריי, ניי לעבן.
מען זינגט "התקוה". עס פיהלט זיך
א פרישער און נייער ווינד. א ווינד פון פריי
הייט און אויסלייזונג. די הערצער זענען פיל

מיט האפנונג. רבונו של עולם, זאל שוין א סוף נעמען צום גלות.

דער אלטער ייד האט נישט זוכה גע ווען אפילו פון דערווייטנס צו הערן די טריט פון משיח, די באנייאונג פון דער יידישער מדינה אויף די יידישע מאמע האט נישט זוכה געווען נישט אליין און אפילו נישט איהרע קינדער, צו פארן נאך ארץ - ישראל.

מיר אבער, די, וועלכע האבן יא גע גלויבט אין באניימן יידישן כח, מיר, וו על כע האבן ביי טאג און ביי נאכט געטרוימט וועגן אן אייגענע, פרייע מדינה אין ארץ ישראל, מיר, וועל כע האבן זיך צו דעם געהאט צוגעגרייט מיטן הארץ און אויך מיט טאטן, מיר האבן יא זוכה געווען צו זיין דער "דור אחרון לשיעבוד וראשון לגאולה", דער לעצטער דור צו פארקנעכטשאפט און דער ערשטער צו באפרייאונג.

*

## די רעוויזיאָניסטישע משפּחה.

ווען מען וועל שרייבן וועגן די רעוויזיאָניסטישע און בית"רישע משפּחה אין גאָסטינין איז אומעגליך נישט צו דערמאַנען אַ פּאָר מענשן, עלטערע און יונגע, וועלכע זענען לײַדער אומגעקומען אין דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. מענשן, וואָס האָבן געלייגט אַ סטעמפּל און געהאַט אַ איינפלוס אויף דער דערציאונג און פאַרמירן זיך פון יידישן דור, פון פאַרן לעצטן וועלט קריג.

## ליאָוש קאַפּלאַן.

איינע פון די אָנגעזעענסטע געשטאַלטן אין דער רעוויזיאָניסטישער משפּחה איז געווען ליאָוש קאַפּלאַן. אַ הויכער, מיט געקרייזעלטע, אויף דער זייט געקעמטע האָר, שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, איז ער געווען אין שטעטל איינער פון די גרעסטע אינטעליגענטן און אינטעלעקטואליסטן, אין פולן זין פון וואָרט.

ער האָט געשפּראַצט מיט לעבן און ווילן צום לעבן, דער פּיליערקער מפקד פון גאָסטינינער בית"ר. אנטיילגענומען אין פיל זומער

קאלאניעס, ארגאניזירטע דורכן בית"ר. געלערנט
די יוגענד יידישע געשיכטע, פאלעסטינאגראפיע,
און ליבע צום יידישן פאלק און אלט - ניילאנד.
ער איז געווען דאס, וואס מיר פלעגן אנרופן "הדר
בית"רי. עס איז אונמעגליך געווען פארצושטעלן
זיך דעם בית"ר אן ליאוש קאפלאנען, אדער ליאוש
קאפלאנען אן בית"ר.

א געטרייער חבר און הארציקער פריינד
אין פריוואטן לעבן. די לעצטע צייט פארן קריג
האט ער שטודירט אין ווארשע. ווען די דייטשן זע
נען אריין נאך גאסטינין איז ער אנטלאפן קיין
לעמבערג (לבוב), פארשוונדן אין מיסטעריעזע אומ
שטענדן און אומגעקומען אין באדינגונגען, וועלכע
זענען ביז היינט אונז נישט באקאנט.

## ד"ר מטרענלענדער.

דער פארז.פון דער רעוויזיאניסטישער
ארגאניזאציע און אויך פון ברית החייל אין באס -
טינין, ד"ר מערענלענדער, איז געווען דער איינצי
קער יידישער דאקטער אין שטעטל. א רעזערוואפיציר
אין דער פוילישער ארמיי, איז ער יארן לאנג גע-
ווען ווייט פון יידישקייט און יידישע ענינים.
פון דעם מאמענט אבער, ווען ער איז אריין אין די
רייען פון דער זשאבאטינסקי באוועגונג, איז ער
שטענדיק געשטאנען אין דינסט פון דער פארטיי מיט
זיין ראט און טאט.

זיין הויז איז שטענדיק געווען אפן
פאר די רעוויזיאניסטישע טוערס אין שטעטל. און

נישט איינמאל האט געטראפן אז קראנקע האבן געמודט
שעהן לאנג ווארטן אין פאדער צימער ווייל דער
"פאן דאקטור" האט געהאט ביי זיך א וויכטיקע זי
צונג. עס איז נישט געווען קיין איין עפענטליכע
ציוניסטישע פארזאמלונג, קיין איין נאציאנאלע פיי
ערונג, אין וועלכע ד"ר מערענלענדער, מיט זיין
גאנצע פאמיליע, האט נישט אנטייל גענומען.

זיין איינציקער זוהן ראובן (רישא),
אלס זייענדיק אינגאנצן זעקס יאר, האט ער שוין
אנגעטון א בית"רישן מונדיר און א הוט מיט א מנו
רה. ער איז געווען אין דייטשע קאנצענטראציאנס-
לאגערן און דער איינציקער פון דער פאמיליע, וואס
איז געבליבן לעבן. היינט געפינט ער זיך אין ישר
אל.

ד"ר מערענלענדער האט שטענדיק גע-
שטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ - ישראל. אין 1936
האט ער נאך געהאט די זכיה צו באזוכן דאס הייליק
לאנד, וואו עס האבן געלעבט זיינע עלטערן. (זיין
פאטער לעבט נאך ביז היינט אין ישראל, פריער אין
חיפה און יעצט אין תל אביב). מעהר האט ער שוין
ארץ ישראל נישט אנגעקוקט. ער איז אומגעקומען אין
איינעם פון די דייטשע לאגערן.

## די פאמיליע אקאוויעץ.

איינס פון די אפנסטע הייזער אין גאסטינין, פאר
ציוניסטישע עסקנים בכלל און רעוויזיאניסטישע בפ
רט, איז געווען דאס הויז פון דער פאמיליע אקאוו

יעץ. א ווארימע יידישע פאמיליע, מיט אפענע יידי
שע הערצער, האבן זיי אלע געהערט צו דער רעווי
זיאניסטישע משפחה.

אלץ פעלטשער, וועלכער האט געהאט
זעהר לאנגע פראקטיק, איז אקאוויעץ געווען זעהר
אנגעזעען אין שטעטל. נישט געקוקט אויף דעם וואס
ער האט נישט געהאט קיין דאקטער דיפלאם, איז ער
גערופן געווארן צו יעדער ערנסטע קראנקהייט, ביי
יידן און נישט יידן. אלע האבן איהם געשעצט צו
ליב זיין מענשליך און ווארים באנעמען זיך צו די
קראנקע.

און אזוי ווי צו די קראנקע איז ער
אויך געווען צו די געזונטע. אלץ פארזיצער פון
קרן תל-חי, האבן מיר אין איהם געפונען א געטריי
עם חבר און מיטהעלפער. זיינע אלע דריי קינדער,
צוויי זוהן און איין טאכטער, זענען געווען מיט
גלידער פון ארטיקן בית"ר.

די פאמיליע אקאוויעץ וועט אין אונ-
זער זכרון שטענדיק בלייבן אלץ איינע פון די גע
טרייעסטע יידן, וועלכע האבן זייער צייט, מיה,
און פארמעגנס אוועקגעגעבן פאר יידישע און נאציא
נאלע צוועקן.

## די פאמיליע זשאלאנדזש.

אויך מיין שוועך מיט זיין גאנצע
פאמיליע האבן "אין קארפארע" געהערט צו דער רע
וויזיאניסטישע משפחה. דער שוועך יהודה הערש, די
שוויגער יענטע און זייערע אלע קינדער: שולמית,

## ער איז געווען געראכט .

דעם אנדענק פון מיין גרויסן
לערער און פירער, דעם אונ
שטערבליכן זאב זשאבאטינסקי
געווידמעט .

אין איינעם פון די זומער טעג 1938,
בין איך ארויגעגאנגען צו ר' נוטע מאטיל צו כאפן
מיט איהם א שמועס.איך האב דאמאלס אויך געלערנט
זיינע צוויי אייניקלעך, זולא און עמנואל זייף,
די קינדער פון אברהם זייף,וועלכער איז באגאנגען
זעלבסמארד אין קאנינער לאגער.

ר' נוטע מאטיל, א ייד א בעל- בית
אין די זעכציקער יארן, אין א לאנגע קאפאטע און
שווארץ רונדיק היטל, מיטלער געוואקס,מיט א געלע
בארד, איז געווען א ייד א נגיד, באקאנט אין
שטעטל, און אויב איך האב נישט קיין טעות, דער
רייכסטער און אנגעזעענסטער סוחר אין דער גאנ-
צער אומגעגנד.

זיין געשעפט אין מארק, און אויך
דער סקלאד אונטער איהם,איז שטענדיק געווען פול
מיט סחורה און באלאגערט פון דערפרי ביז אין
דער נאכט דורך פויערן פון די ארומיקע דערפער.
גערופן האט מען איהם ר' נוטע אדער

דער איידזערנער מאטיל, אונטערצושיידן פון געלן, שווארצן, רויטן און אנדערע מאטילס. ר' נוטע האט געהערט צו דער "אגודת-ישראל" און אויב ער האט געגעבן געלד פאר ארץ ישראל איז דאס געווען דורך די פושקע פון "ר' מאיר בעל הנס".

עס איז זעלבספארשט ענדליך אז עס איז מיר געווען זעהר שווער ארויפצופירן דעם שמועס אויף ארץ ישראל, אויף אן אייגענע יידישע מדינה און אויף דער נויטווענדיקייט צו ליקווידירן דעם גלות און עולה זיין אין הייליקן לאנד.

נאך א שעהדיקן געשפרעך איז מיר אבער דאך געלונגען איהם איבערצוצייגן אז עס איז נישט קעגן די תורה און עס איז אויך אונזער חוב נישט צו זיצן מיט פארלייגטע הענט אוןווארטן אויפן משיח. דאס עס איז אונזער הייליקער חוב עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, צוריק עראבערן און זערע אלטע היים און באפרוכטבארן דעם באדן מיט אונזער שווייס און בלוט. און דאן וועט אויך מקוים ווערן דער פסוק "וישב כל איש תחת גפנו ותחת תאנתו". און יעדער וועט דאן זיצן אין זיין אייגענעם ויינגארטן און אונטער זיין אייגענעם פייגן - בוים.

און דערמאנט האב איך איהם די פיל ערציילונגען וועגן מלך המשיח. ווי ער זיצט צוגעבונדן מיט גאלדענע קייטן צום שטיל פון מלך המלכים, הקדוש ברוך הוא, און ער ווארט אויף א צייכן פון רבונו של עולם צעררייסן די קייטן און ברענגען די גאולה פארן יידישן פאלק. און אין דער זייט פון כסא הכבוד שטייט א גרויסער בעכער, וועלכער

איז אנגעפילט מיט טרערן פון מיליאנען יידן דורך
דעם צווייי טויזנט יעריקן גלות. און ווען דער בע
כער וועט איבערפילט ווערן, וועט דער אויבערשטער
געבן א צייכן דעם מלך המשיח און ער וועט צערייי
סן דיגאלדענע קייטן, אין וועלכע ער איז געבונדן
און וועט אויסלייזן דאס יידישע פאלק פון
שווארצן גלות און איהם צוריק פירן נאך ארץ
ישראל.

און אויך וועגן אונזערע מוטער רחל
האב איך איהם דערציילט. ווי זי גייט ארויס יעדע
רע נאכט פון איהר קבר, אויפן וועג נאך בית-לחם,
און זי באווייינט איהרע זוהן, וועלכע זענען פאר
שיקט געווארן פון לאנד. און אויך ווען דער כוס
פון איהרע טרערן וועט איבערפיהלט ווערן, דאן
וועט קומען דער משיח.

און איך פרעג ר׳ נוטע מאטילן : צי
זענען שוין ימען פון טרערן נישט פארגאסן געוואר
דורכן לאנגן, שווארצן גלות ? צי האבן מיר נאך
ווייניק געליטן אין אונזער לאנגן וואנדער וועג?
פון די קרייץ צוגן אין עלפטן און צוועלפטן יאר
הונדערט, פון די אינקוויזיציעס אין הישפאניען,
פון די פאגראמען אין אוקראינא און רוסלאנד, און
נאך און נאך? צי איז נאך נישט איבערפיהלט דער
בעכער מיט טרערן? צי איז נאך נישט געקומען די
צייט פון אונזער אויסלייזונג? און מיר זיצן מיט
פארלייגטע הענט אוןווארטן?

אונזערע הייליקע און נאציאנאלע
אויפגאבע איז מיט אונזערע אייגענע כחות , מיט
טאטן צערייסן די שווערע,שוין פארזשאווערע,קייטן

פון גלות און דערמיט וועלן מיר אויך זוכה זיין
צו דערלעבן די ציַיטן פון משיח.

ר' נוטע האט לאנג זיך צוגעהארכט, א קרעכץ געגעבן, און געזאגט: "יא, דו ביזט גע רעכט מיין קינד. מען דארף דאווענען און בעטן דעם רבונו של עולם אז ער זאל אונז אויסלייזן פון שרעקליכן גלות. איך וואלט שוין אויך מסכים גע ווען צו פארן נאך ארץ ישראל מיט מיין פאמיליע, אבער ווי קאן איך ליקווידירן מיינע געשעפטן, דאס דארף דאך נעמען פיל יארן. און איך קאן דאך נישט אלץ איבערלאזן און פארן אן גארנישט, ווי איהר יונגע חלוצים. אבער איך וועל נאך טראכטן איבער די זאך".

נישט פיל ציַיט איז נוטע מאטילן גע בליבן צו טראכטן. היטלער האט שוין פאר איהם ליק ווידירט זיין געשעפט, זיין האב און גוטס, און אויך זיין לעבן. זיינס ווי אויך דאס לעבן פון זיין גאנצע פאמיליע.



א ענדליכן געשפרעך ווי מיט ר' נוטע מאטיל האב איך געהאט מיט א צווייטן גאסטינינער ייד, מיט זלמן ברעסלערן, דעם זוהן פון וולף ברע סלער.

זלמן ברעסלער, א ייד א גביר, אין די פערציקער יארן, איז געווען אן אייגענטימער פון א קאלאניאל געשעפט אויף דער קוטנאווסקא גאס און א בא זיצער פון אן אייגן הויז. (ער איז גע

סורטשע, צעשא, איטשע און יעקב, אלע זענען זיי אפיציעל געווען מיטגלידער פון בית"ר און דער רעוויזיאניסטישער ארגאניזאציע אין גאסטינין.

דער שווער יהודה - הערש, א קלוגער און הייסער ייד, איז אין זיינע יוגענד געווען א מיטגליד פון פועלי-ציון. אין די שפעטערע יארן האט ער אבער איינגעזעען אז עס גיבט נישט קיין אנדערער וועג פאר די יידן ווי דער, וואס האט אנ געוויזן זשאבאטינסקי. ער האט זעהר געוואלט און שטענדיק געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. דער גורל האט אבער געוואלט אנדערש.

ווי פיל אנדערע יידישע סוחרים און בעלי-מלאכעס האט ער אויך געליטן אין די לעצטע יארן פון פארן צווייטן וועלט קריג פון גענעראל סקלאדקאווסקיס "אפשעס" פאליטיק, וועלכע האט באי קאטירט די יידישע הענדלער און פאכלייט. א גלענ צנדער דאמען שניידער האט ער די לעצטע יארן גע מוזט מיטגיין מיטן שטראם, און אנשטאט אנצונעמען באשטעלטע ארבייט, האט ער אויסגעפערטיקט טאנדיי טע דאמען פאלטענעס און קאסטיומען, וועלכע ער האט, יעדערן דינסטאג און פרייטאג, פארקויפט די פויערן פון די ארומיקע דערפער אין זיין געשעפט אויף דער זאמקאווא גאס 2.

די שוויגער יענטע, פון דער היים ניי מאן,איז געווען א שטילע און באשיידענע יידע נע. א מוסטער פון א געהארכזאמע פרוי און א היי סע, געטרייע מוטער. שטיל און רואיק האט זי גע פירט איהר ווירטשאפט, באראטנדיק זיך אין אלעם מיט איהר מאן.אין דער דערציאונג פון די קינדער

האט זי זיך גישט ארייגגעמישט. אלץ איז געלעגן
אין די הענט פון מיין שווער.

אלץ פאסער איז מיין שווער געווען
זעהר א שטרענגער. ווי מיין פרוי שולמית האט מיר
דערציילט נאך דער חתונה, פלעגט ער שטענדיק אפהי
טן אז א זייגער ניין אין אווגט זאלן אלע קינדער
שוין זיין אין דער היים. און ווען עמיצער האט
געפעהלט נאך א זייגער ניין אין אווגט איז ער
אליין ארויסגעגאנגען אין שטעטל זיי זוכן, ביז ער
האט זיי אהיימגעבראכט. טראץ זיין שטרענגקייט צו
די קינדער, און אפשר אדאנק דער שטרענגקייט, האט
ער זיין לעצטן גראשן אוועקגעגעבן, אז זיי זאלן
זיך קאנען לערנען.

צוזאמען מיט מיין גאנצע פאמיליע בא
ווייזן איך אויך זיי אלע, די עלטערן, ברודער און
שוועסטערן פון מיין פרוי, וועלכע זענען אין די
בליענדע יארן פון אונז אוועקגעריסן געווארן.

## די ברודער און שוועסטער ווארקאוויטש.

זאלן פון דעם פלאץ אויך פארצייכנט
ווערן די ברודער משה און סענדער, און זייער
שוועסטער שרה ווארקאוויטש,וועלכע האבן פיל מיה
און צייט אוועקגעגעבן אויפצושטעלן די רעוויזיא
ניסטישע משפחה אין גאסטינין.

משה ווארקאוויטש איז דורך א געווי
סע צייט געווען מפקד פון גאסטינינער בית"ר.
גאנצע נעכט, נאך שווערע ארבייטס-טעג, איז ער גע

זעסן אין לאקאל, ארגאניזירט און אנגעפירט מיט
דער בית"רישער ארבייט. שטענדיק געטרוימט אפצו
פארן נאך ארץ ישראל און דארט פארווירקליכן די
ציוניסטישע און בית"רישע אידעען. עס איז איהם
אבער נישט באשערט געוועו.

אויך זיין ברודער סענדער און די
שוועסטער שדה זענען געוועו פון ד"י, וועלכע האבן
מיטגעהאלפן אויפשטעלן דעם בית"רישן און רעווי
זיאניסטישן בנין אין גאסטינין. זיי זענען געוועו
געטרייע זוהן און טעכטער פון יידישן פאלק, פאר
וועלכן זיי זענען געוועו גרייט זייער לעבן א
וועקצוגעבן. אלע דריי אומגעקומען דורך די רוצ
חישע נאצים.

## פראפעסאר זארכין.

איינע פון די שענסטע געשטאלטן אין
גאסטינינער יידנטום איז אן צווייפל געוועו דער
אלטער פראפעסאר זארכין. א ייד שוין אין די עלטע
רע יארן, האט ער נאך געשפראצט מיט לעבן, ווילן
און ענערגיע. ער איז געוועו דער אידעאלאגישער
און גייסטיקער פירער פון דער רעווידיאניסטישער
משפחה אין גאסטינין.

מיט גרויס רעספעקט און כבוד דערמאן
איך, איבערהויפט היינט, מיין עלטערן חבר, לערער
און וועגווייזער. היינט, ווען א טייל פון זיינע
תלמידים און פארערער, האבן זוכה געוועו צו לעבן
אין דער יידישער מדינה, וועגן וועלכע ער האט
געטרוימט זיין גאנץ לעבן.

ער האט באשיינט אונזערע אלע יום-
טובים און שמחות. ער האט אנטיילגענומען אין אונ
זערע אלע פייערונגען. מיטגעלעבט און מיטגעאר
בייט מיט די עלטערע און יינגווארג. ער האט אויך
אריינגעגעבן אין אונז אלעמען דעם שטארקן בא
געהר און ווילן פארטצוזעצן אונזער וועג , וועל
כער איז געווען פול מיט אומגעהוירע לײדן און
אפפערוויליקייט.

זאלן די פאר שורות זיין אן אנדענק
און אפצייכנונג פאר מיין אלטן פריינד און לערער
אדאנק וועלכן עס איז מיר לייכטער געווען אדורכ
צומאכן, צוזאמען מיט מיין פרוי, דעם שווערן און
לאנגן וועג פון אנפאנג קריג, דורך די דייטשע א
קופאציע, רוסישע פארשיקונגס לאגערן, אומלעגאלע
ציונ יסטישע ארבייט נאכן קריג אין פוילן, עסט
רייך, ביז מיר זענען, אין סאמע ברען פון די בא
פרייאונגס קאמפן, אנגעקומען מיט דער א.צ.ל. שיף
"אלטאלענא" אין אונזער אויסגעשרוימט און אויס
געבענקט לאנד .

*

וועך א שוואגער פון די גאסטינינער פאמיליע קאפ
לאן און בראקמאן. און אויך זיין זינדל, אדאש,
האב איך געלערנט עברית).

זלמן ברעסלער איז געווען א ייד,
וועלכן עס האט גארנישט אינטערעסירט, אויסער געלד
מיט איהם איז מיר נאך שווערער געווען צו רעדן
ווי מיט נוסע מאטילן. איהם האב איך נישט געקאנט
דערציילן די גאנצע געשיכטע פון יידישן פאלק, אז
מיר האבן אמאל געהאט אן אייגענע מדינה מיט איי
גענע מלכים און א בית-המקדש, אז מיר זענען ארויס
געטריבן געווארן פון אונזער אייגן לאנד און כמ
עט שוין צוויי טויזנט יאר ווי מיר וואנדערן פון
איין לאנד אין צווייטן, צווישן פרעמדע, "ווי גע
נעכטיגט נישט געטאגט", אז אלע צרות, וואס זענען
געקומען אויף אונז דורך דעם לאנגן, שווארצן
גלות, נאר צוליב דעם, ווייל מיר זענען געווארן
א משונהדיק פאלק אן א אייגענע מדינה, אן א איי
גענעם צענטער, אן מיניסטארן און אייגן מיליטער,
וואס זאלן פארטיידיקן און באשיצן אונזערע רעכט
און אונזער בלוט. און ווילענדיק זיין גליך מיט
אלע אנדערע פעלקער, זיי זאלן אונז שוינען און
רעספעקטירן, מוזן מיר שאפן פאר זיך די אלע "דינ
גען און באדינגונגען", ווי עס האט זיך אויסגע-
דריקט ד"ר הערצל, און דאס איז אן אייגענע מדי
נה אין ארץ - ישראל.

איך האב איהם דאס אלץ נישא געקאנט
געבן צו פארשטיין, ווייל זלמן ברעסלער איז, ווי
ליידער, פיל אנדערע יידן, געווען אויך פון די,
וועלכע האבן נישט געהאט קיין אינטערעס און קיין

סענטימענט נישט צו אונזער פארגאנגענהייט און נישט צו אונזער צוקונפט. ער איז געווען א מענש, וואס האט ליב געהאט, און איהם האט אינטערעסירט, נאר דאס געלד.

איך האב זיך דאריבער באמיהט איהם צו שלאגן מיט זיין אייגן געוועהר. "זעיס, הער ברעסלער", האב איך איהם געזאגט."פון טאג צו טאג ווערט די לאגע פון די יידן אין פוילן אלץ ערגער נישט נאר ביי אנדערע יידן, נאר ביי אייך אליין אויך. דער באיקאט, וואס די פאלאקן האבן ערקלערט אויף יידישע געשעפטן און יידישע סחורות, רירט דאך אן און רואינירט נישט נאר פרעמדע יידן, נאר אייך אליין אויך.איהר שפירט דאך דאס אויף אייער אייגענע הויט. נעמט דאריבער און ליקווידירט איי ער געשעפט, פארקויפט אייער הויז, טוישט עס אויס אויף געלד, און פארט אפ נאך ארץ-ישראל. דארט וועט איהר אויפבויען א ניי הויז, אויפמאכן אניי געשעפט, און איהר וועט האבן א רואיקע צוקונפט, פאר זיך און פאר אייערע גאנצע פאמיליע".

אויך זלמן ברעסלער האט מיך רואיק אויסגעהארכט, זיך א קראץ געגעבן אויפן קאפ, און געזאגט: "עה, דער טייול איז נישט אזוי שווארץ, ווי מען מאלט איהם. די צייטן וועלן זיך בייטן. עס איז שוין פיל מאל געווען שלעכט און עס איז געווארן בעסער. אויך די צרה וועט אוועק און עס וועט נאך גוט זיין די יידן אין פוילן. דא בין איך געבוירן און דא וועל איך שטארבן".

נישט לייכט איז אבער אנגעקומען זל-מן ברעסלער צו שטארבן.וויפיל פיין און צרות ער

האט געליטן ביז ער האט שוין " געזעען דעם טויט פאר די אויגן " ווייס נאר גאט אליין. די צייטן זענען גארנישט בעסער געווארן. זיי זענען זעהר שלעכט געווארן. אוי ווי שלעכט! און אויך זלמן ברעסלער האט אנגעווארן נישט נאר זיין פארמעגנס, נאר אויך זיין אייגן לעבן און זיין גאנצע פאמיליע.

*

איך האב נאר דערמאנט צוויי יידן פון גאסטינין. אבער אזעלכע, ווי נוטע מאטיל און זלמן ברעסלער, זענען געוועזן צענדליקער און הונדערטער יידן אין גאסטינין. און אזוי ווי גאסטינין זענען געוועזן הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

היטלער האט שוין דאמאלס געפירט די אויסראטונגס אקציע קעגן די יידן אין דייטשלאנד. און געחלעמט האט ער, דער המן פון צוואנציקסטן יארהונדערט, דער טארקווועמאדא פון אונזערע צייטן אז דאס דייטשע "הערן-פאלק" זאל איינעמען די גאנצע וועלט, איינפירן א נייע ארדנונג און דער מיט אויך אויראטן דאס גאנצע "פארפלוכטעטע אונטערמענטשן יודענטום".

די וועלט האט ער נישט איינגענומען. אבער, איידער ער איז אליין אומגעקומען, איז איהם געלונגען צו פארווירקליכן דעם לעצטן טייל פון

זיין חלום, און א דריטל פון יידישן פאלק איז אין שווערע יסורים און שרעקליכע פיין אומגע בראכט געווארן און אוועק פון דער וועלט.

אין די דאזיקע שווערע און גורלדיקע צייטן פארן יידישן פאלק איז ארויס זשאבאטינסקי מיט זיין הערליכן, פאטריאטישן און הומאניטארן פלאן פון עוואקואציע. און אזוי האט געזאגט זשא באטינסקי: "יידן, ליקווידירט דעם גלות, אנישט, וועט דער גלות אייך ליקווידירן".

זשאבאטינסקי האט נאך מיט פיל יארן פריער איינגעזען, מיט זיין נביאישן געפיהל און איידזערנער לאגיק, אז מיר לעבן אין איראפא אויף א וולקאן, אז דער באדן הייבט אן צו ברענען אונ טער אונזערע פוס, און אז דאס איינציקע רעטונג פארן איראפעאישן יידנטום איז א פלאנמעסיקע און ארגאניזירטע אויסוואנדערונג פון איראפא, מיטן גאנצן יידישן האב און גוטס, און ארייין נאך ארץ-ישראל, וואו זיי וועלן קאנען צוריק אויפבויען זייערע אלטע היים און זיין זיכער מיט זייער לעבן.

ער האט אליין אנגעהויבן, אין דער שפיץ פון דער רעוויזיאניסטישער פארטיי און די נייע ציוניסטישע ארגאניזאציע, צו פירן אונטער האנדלונגען מיטן פוילישן אויסער-מיניסטער בעק, מיטן רומענישן קעניג קאראל, מיטן פויפסט אין רוים, און מיט אנדערע איירעפעאישע מלוכה מענער, זיי צו באווירקן, אז זיי זאלן מאכן א דרוק אויף ענגלאנד, ארייינצולאזן די יידן נאך ארץ - ישראל. ער האט ארגאניזירט צוזאמענפארן, געשריבן פעטיצ

יעס און צוגעגריים דעם אלוועלטליכן ציון-סיים, וואס האט געזאלט אויסוועלן דעם פארלאמענט און רעגירונג פון דער יידישער מדינה אונטערוועגס.

אין די לעצטע מאנאטן פון זיין לעבן, שוין נאכן אויסברוך פון קריג צווישן פוילן און דייטשלאנד, זייענדיק אין אמעריקא, האט ער נאך פלאנירט צו שאפן א גרויסע יידישע ארמיי, פון א הונדערט און פופציק טויזנט זעלנער, וואס זאלזיין גרייט איינצונעמען ארץ-ישראל.

דאס איראפעאישע יידנטום האט אבער געהאט פארשטאפטע אויערן און צוגעמאכטע אויגן און נישט געהערט און נישט געזען די פארניכטונגס און אויסראטונגס כוואלע, וואס דערנענטערט זיך צו זיי. אויך די יידישע און ציוניסטישע מנהיגים פון רעכטס און לינקס האבן געפירט א קאמף קעגן זשאבאטינסקין און געליוגט שטיינער אויפן וועג ראטעווען הונדערטער טויזנטער יידן פון איי ראפעאישן גיהנום, פארזיכערנדיק אז עס וועט גאר נישט געשען .

פיל יידישע שרייבערס זענען אויך צו געטרעטן צו דער וואקכאנאליע קעגן זשאבאטינסקין, און ארויס מיט אויפרופן צום יידישן פאלק, נישט צוהארכן זיך צו די ווערטער און פלענער פון זאב זשאבאטינסקי, אנרופנדיק איהם "פאשיסט" און "מי ליטאריסט". א טייל פון זיי איז אפילו געגאנגען אזוי ווייט, אז מען האט זיין יידישן, נאציאנאלן און פאטריאטישן עוואקואציע פלאן, אנגערופן "אנ טיסעמיטישער פלאן".

היינט, דרייצן יאר נאכן צוויטן

וועלט קריג און נאך דער גענצליכער ליקווידאציע
פון די יידישע קהלות אין גאנץ מזרח אייראפא,
נאך דעם ווי זעקס מיליאן פון יידישן פאלק, אונ
זערע בעסטע און טייערסטע עלטערן, ברודער, שוועס
טער און קרובים, אלטע יידן, פרויען און קינדער,
זענען מיט בעסטיאלישע מיטלען, דורך סקילה, הרג
ושחיטה, אין די געטאס, קאנצענטראציאנס לאגערן
און גאז קאמערן פון מאידאנעק, אוישוויץ, טרעמב
לינקא און אנדערע פארשיקונגס ערטער, אומגעבראכט
געווארן דורך די היטלעריסטישע חיה, היינט זעען
מיר אז א גרויסער טייל פון יידישן פאלק וואלט
זיך געקאנט ראטעווען פון פארניכטונג, ווען ער
וואלט זיך צוגעהארכט צו די נביאישע ווערטער
פון זאב זשאבאטינסקי.

היינט זענען מיר אלע מודה אז
ער איז געווען גערעכט.

*

# חורבן און פארניכטונג.

דאס איז נישט קיין ראמאן און נישט קיין ערציילונג, נאר טריקענע פאקטן און געשעענישן,צוזאמענגענומען פופצן יאר נאך דעם ווי זיי האבן פאסירט און ווי זיי זענען באהאלטן געווארן אין זכרון פון א מענש, וועלכער האט דאס אלץ א ליין איבערגעלעבט. פאקטן און געשעענישן איבערגעגעבן אן סענטימענטן און אן סוביעקטיווע אסאציאציעס.

דאס איז א שטיקל געשיכטע פון די גרויזאמע טעג און יארן, באשריבן פראסט פשוט און איינפאך. זוכט נישט דא קיין שיינע ווערטער און הויכע געדאנקען. דאס קאפיטל איז א שטיק יידיש בלוט, יידישע צרות און טראגעדיעס.

דאס איז א געשיכטע פון א יידישע קהלה, וואס איז אמאל געווען און היינט שוין מעהר נישטא.

*

# אזוי האט עס זיך אנגעהויבן .

דעם 16טן סעפטעמבער 1939 זענען די
דייטשן אריין אין גאסטינין. באלד האט מען צוזא
מענגענומען אלע מענער, יידן און פאלאקן, אין
מארק אריין. די פאלאקן האט מען געשטעלט באזונ
דער און די יידן באזונדער. ארום דעם מארק האבן
די דייטשן געשטעלט מאשין – געוועהר און קיינער
האט זיך נישט געטארט רירן פון ארט. דערנאך האבן
זיי געהייסן די יידן קניען און אפזאגן וידוי.
איך דערמאן זיך ווי נעבן מיר איז
געשטאנען זלמן זשאלאנדזש, יעקב ליפעס עלטסטער
זוהן, און ער האט אנגעהויבן וויינען אז ער וויל
זיין צוזאמען מיט זיין פאטער. א טייל יידן האט
אנגעהויבן וויינען און א טייל דאוונען. וואס עס
האט זיך אפגעטון אין די הייזער, וואו עס זענען
געבליבן אונזערע פרויען און קליינע קינדער, איז
אונמעגליך צו באשרייבן. דארט האט מען געמיינט,
אז עס איז שוין געקומען דער סוף צו אלע מענער,
אז מען וועט אונז אלע אויסשיסן. ( מיר אל יין
האבן דאך אנדערש נישט געקלערט ).
אזוי האט מען אונז אפגעהאלטן א גאנ
צן טאג. אויף דער נאכט האבן די דייטשן אונז פריי
געלאזט און געהייסן אלע אהיים גיין. זיי האבן
אויך ארויסגעגעבן א פארארדנונג, אז יעדערן טאג

איז ערלויבט צו זיין אין דער גאס נאר ביז א זייגער 6 אין אוונט.

וואס איז געווען די סיבה, וואס די דייטשן האבן אונז באלד ביים אריינמאשירן אין שטאט אפגעהאלטן א גאנצן טאג אין מארק, סטראשענדיק מיט געוועהר, קאנען מיר נאך ביז היינט נישט פארשטיין. מעגליך אז זיי האבן צוזאמען גענומען אלע דערוואקסענע מענער און געהאלטן אונטער א וואך, ביז דאס מיליטער .וועט אדורך די שטאט, ווייל זיי האבן מורא געהאט מען זאל צו זיי נישט שיסן פון ערגיץ א באהעלטעניש. עס האט געהאט דא מאלס געטראפן אין א פאר שטעט אין פוילן, ווי אין בידגאשטש און טורן, אז ווען דאס מיליטער האט א דורכמאשירט די גאסן פון דער שטאט, האט מען פון פיל פענסטער צו זיי ארופגעשאסן.

*

ערב יום-כפור האט מען צוזאמענגענומען אלע מענער אין עלטער פון 16 ביז 60 יאר, יידן און קריסטן, און איינגעזעצט אין ארטיקן קאשטשאל. דורך א אינטערווענץ פון אן ארטיקן דייטשן פירער האט מען באלד ארויסגעלאזט די פאלקס דייטשן.

אין קאשטשאל זענען מיר געזעסן עטליכע טעג. מיר האבן זיך דארט שרעקליך געפייניקט צוליב דער ענגשאפט, וואס איז געווען זכהר גרויס, (מיר זענען געזעסן א פאר טויזנט מאן), און צוליב די שרעקליכע סאניטארע באדינגונגען, אין וועלכע מיר האבן זיך געפונען. נישט האבענדיק די מעגליכקייט ארויסצוגיין פון קאשטשאל, האבן מיר אויך די

מענשליכע געברויכן דארט ערלעדיקט. זעהר פיל מענשן האבן געחלעשט,אבער מיר האבן נישט געהאט קיין וואסער זיי צו מונטערן.

גאנצע נעכט האבן מיר געהערט שיסן ביים קאשטשאל. דאס האבן די דייטשן מיט שיסערייי געשראקן די פרויען און קינדער,וועלכע זענען געבליבן אין די היימען און געציטערט פארן גורל פון זייערע נאענסטע.

אין קאשטשאל,מיט אונז צוזאמען, זענען געזעסן אויך א סאך יידן פון פלאצק, וולאצלאוועק, קאוואל, דאברין, בידגאשטש און אנדערע ערטער, וועלכע זענען אנטלאפן פון די דייטשן אין זייערע שטעט, גלויבנדיק, אז אין גאסטינין,וואו זיי זענען אומבאקאנט, וועט זיי אפשר אויסקומען וויניקער צו ליידן.

דעם דריטן טאג איז געקומען אין קאשטשאל אריין דער געוועזענער פוילישער בירגערמייסטער קאזשיכאווסקי מיט א דייטשן אפיציר, וואס האט גערעדט א זעהר שלעכטן פויליש, און אונז ערקלערט, אז מיר אלע זיצן דא, ווייל עמיצער פון אונז האט גערעדט אין דער שטאט אזעלכע זאכן,וואס מען האט נישט געדארפט רעדן. נאך די ערקלערונג האט מען ארויסגעלאזט פון קאשטשאל אלע פאכמענער, יידן און קריסטן.

ערשט צו מארגנס האט מען אונז אנגעהויבן צו באפרייען. מען האט אלע ארויסגעפירט אויפן פלאץ בארן קאשטשאל. דערנאך האט מען אויסגעקליבן די, וואס זייער יידישקייט האט זיך געווארפן אין די אויגן, און זיי האבן געמוזט אויס

רייניקן דעם קאשטשאל פון דעם שמוץ, וואס האט זיך
אנגעזאמלט פון אונזער דרייטעגיקן דארטזיין. אלע
אנדערע האט מען באפרייט, ארויסגעבנדיק א באפעהל
אז יעדער מוז זיך צומארגנס רעגיסטרירן אין אר
טיקן שטאט - ראט.

*

דער ערשטער, וואס האט באקומען בלו
טיקע קלעפ פון די דייטשן, איז געווען שואל
כזשאן. און די זאך האט אזוי פאסירט: נאך איידער
די דייטשן זענען אריין אין שטאט איז ער געווען
צוגעטיילט צו די ארדנונגס-מיליץ. ווען די דייטשן
זענען שוין געווארן די בעלי - בתים פון דער
שטאט, האט ער, ווי קיינמאל גארנישט, זיך שפאצירט
אויפן טראטואר, מיינענדיק אז די דייטשן וועלן
נישט וויסן ווער ער איז. עמיצער האט אבער אויף
איהם אנגעוויזן, די דייטשן האבן איהם גלייך גע
כאפט, מערדערליך צעשלאגן און איהם באפוילן שנעל
אהיים לויפן.

*

אין א געוויסע צייט ארום; אין א
פרייטאג, האט זיך באוויזן א פארארדנונג אין די
גאנצע שטאט, אז יידן איז פארבאטן צו גיין אויפן
טראטואר. פון דעם מאמענט אן איז דאס לעבן פון
ייד געווארן הפקר. יעדער דייטש האט איהם געמעגט
שלאגן, שדייען אויף איהם, כאפן צו דער ארבייט,
און אפילו טויטן. דער דייטש איז געווארן דער
הער פון יידיש פארמעגן, יידיש זיכערהייט און
בלוט. דאס כאפן פון דער גאס צו דער ארבייט איז
פון דאמאלס געווארן א טאג טעגליכע ערשיינונג.



ביי נאכט פון דעם 10טן נאוועמבער 1939 האט מען ארעסטירט פיל יידן און קריסטן און זיי אפגעפירט אין דער געוועזענער רוסישער צערקווע, עק קוטנאווסקא און וועסאלא גאס.

ביים ארעסטירן מיין פעטער, אפרים מאטיל, וועלכער האט געוואוינט אויף דער פלאצקער גאס 20, איז אריינגעקומען דער גאסטיינער דייטש ציגלער מיט נאך דריי רייכס-דייטשן. איך בין דא מאלס געזעסן ביי מיין פעטער און געשפילט מיט איהם א פארטי שאך. דער דייטש ציגלער האט א שאר געגעבן דאס שאך ברעטל און אלע פיגורן זענען אום געפאלן. "אזוי וועט איהר אלע פאלן" האט ער אויס געשריגן מיט א ווילדן קול און געהייסן מיין פע טער מיט איהם מיטגיין. ווען די מימע האט איהם געפרעגט וואו ער פירט דעם פעטער, האט ער געענט-פערט אז דארט, פון וואנען מען קומט שוין נישט צוריק.

מיך האט מען דאמאלס נישט גערירט.

ביים ארויסגיין אבער, ווען דער פעטער האט מיר געוואלט איבערגעבן זיין גאלדענעם זייגער, וואס ער האט געהאט ביי זיך, האט מען איהם דעם זייגער צוגענומען, און אויך מיך האט מען געהייסן מיט גיין. אויפן וועג האט מען נאך געכאפט א פאר יידן און קריסטן און אונז אלע אפגעפירט אין דער צערקווע.

דארט איז געווארן איינגעארדעט א ספעציעלע "פיין דעפילאדע". צום ערשט האט מען אונז, א 6 ביז 10 מאן, אריינגעפירט אין ערשטן

זאל. דארט זענען ארום די ווענט געלעגן מענשן, צוגעדעקט ביז איבערן קאפ מיט מיליטערישע קאלד רעס. ארויסגעזעען האט מען נאר די שטיוול. אין מיטן זאל, ביי א טישל, זענען געזעסן צוויי דייטשן און געשריבן.

מען האט אונז זעהר פיין אויפגענומען. מען האט אונז געהייסן זעצן זיך ביים טישל און איין דייטש האט אונז אויסגעפרעגט און איינגעשריבן ווען מיר זענען געבוירן, וואס פאר א פאך מיר פארמאגן און אפילו צו וועלכע פארטייען מיר האבן געהערט. שפעטער האבן זיי גענומען אייגעם פון אונז, געהייסן איהם לייגן זיך אויף די הענט און פוס, און א צווייטער האט זיך געמוזט אויף איהם ארויפזעצן.אין אזא פאזיציע האט מען אונז געהייסן אריינפארן אין צווייטן זאל. פלוצלינג האט זיך די ליכט אויסגעלאשן, די צוגעדעקטע זעלנער האבן זיך געגעבן שנעל א כאפ אף, און מיט גראבע שטעקנס,וואס זענען געווען פריער באהאלטן, האבן זיי אנגעהויבן שלאגן דאס פארענדעפארל. מיט צעבראכענע ביינער און צעהאקטע קעפ זענען מיר אריין אין גרויסן זאל פון דער, אזוי טרויריק באקאנטער, צערקווע.

אין גרויסן זאל האבן זיך שוין געפונען איבער דרייסיק מאן. צווישן זיי איז אויך געווען משה מאטיל. פון די קריסטן זענען דארט געווען:די גאנצע ענדעקישע יוגענד פון גאסטינין מיט קאזשימיעזש און וואצלאוו לעוואנדאווסקין בראש, דעם דאקטער זאקשעווסקיס א זוהן און אויך עטליכע גלחים .

*

באלד צומארגנס, אזייגער צוויי ביי טאג, בין איך באפרייט און ארויסגעלאזט געווארן פון דער צערקווע, אדאנק דער אינטערווענץ פון אלבערט מילער, א גאסטינינער דייטש, וואס האט אויסגעארבייט און פארקויפט טרומנעס אין דער שטאט. דעם זעלבן טאג, אין אוונט, זענען אויך באפרייט געווארן די מערסטנטייל ארעסטירטע אין דער צערקווע. איין טאג שפעטער זענען אלע באפרייט געווארן אויסער 28 מאן און צווישן זיי: רפאל בוראק, אברהם זאיאנץ, יעקב לייב פינטשעווסקי (פון פארבן געשעפט) און יחיאל מאיר קעללער, פראפעסאר זארכינס איידעם.

פון די קריסטן זענען געבליבן אין ארעסט: אנדזשעי טשאפסקי, א געוועזענער סיים דעפוטאט, טשעטשוויעזש, דער לייטער פון דער ארטיקער פאלקס-שולע, אדוואקאט שוויענטשיצקי און אזדאווסקי, א געוועזענער אנפירער פון פ.פ.ס. (פוילישע סאציאליסטישע פארטיי).

*

די פיר יידן (בוראק, זאיאנץ, פינטשעווסקי און קעללער) האט מען יעדערן טאג ארויסגעפירט פון דער צערקווע און, אנע וואך, האבן זיי געריינ יקט דעם מארק. נאך דער ארבייט האבן זיי אליין געמוזט זיך צוריקקערן אין דער צערקווע. ווי מיר האבן זיך שפעטער דערוווסט האבן די דייטשן, נישט פארשטענדליך צוליב וועלכע סיבות, נישט געהיטן די פיר יידן, ווילענדיק אז זיי זאלן אנטלויפן פון גאסטינין.

די פיר יידן זענען אבער נישט אנטלאפן. ביז היינט איז אונז נישט פארשטענדליך, וואס איז געווען די אורזאך, וואס זיי האבן נישט געזוכט אליין א מעגליכקייט ארויסצוקריגן זיך פון די דייטשע הענט, און דערצו נאך אין אזעלכע אומשטענדן, אין וועלכע זיי האבן זיך געפונען.

ביז איינמאל, א דאנערשטאג אויף דער נאכט, האט מען זיי אלע גענומען, געבונדן די הענט און אוועקגעפירט אין א אומבאקאנטע ריכטונג.

צומארגנס, פרייטאג אין דער פרי, איז געקומען צו גיין א קריסט פון דארף אמיליאנאוו, נישט ווייט פון גאסטינין, און ער האט דערציילט פאלגענדעס:

זיין פרוי איז געווען ביינאכט אין ווילקער וואלד, אויפן וועג וואס פירט נאך פלאצק (א ניין קילאמעטער פון גאסטינין) און צוזאמענגענומען מעך צו באדעקן די שטעלער פאר די בהמות. פלוצלינג האט זי געזעען פון דערווייטנס אנקומען עטליכע אויטאס. די אויטאס האבן זיך אפגעשטעלט נישט ווייט פון איהר. דאן האבן דייטשע זעלנער ארופגענומען צו צוויי מענשן פון יעדער אויטא און זיי אוועקגעפירט צו א גרוב, וואס איז נאך פריער געווען אויסגעגראבן, געשטעלט זיי מיטן פנים צום גרוב און געשאסן פון אונטן, אין ריקן אריין. די פרוי האט נאך געהערט געשריייען, א געלויף, די אויטאס זענען אוועק, און אין א פאר מינוטן ארום איז ווידער שטיל געווארן.

מיר האבן אין דעם אלעם נישט געוואלט גלויבן. אויך די דייטשן אליין האבן די גאנצע

געשיכטע געהאלטן בסוד. ערשט נאכן קריג, ווען מהאט אויסגעגראבן די קברים, האט מען ווירק ליך דארט געפונען די 28 דערשאסענע מענער, און צווישן זיי די פיר יידן, וועלכע מיר האבן שפע טער באגראבן אויפן יידישן בית-הקברות.

*

איינמאל אויף דער נאכט, לויפענדיק אהיים דורך ברוסטאווסקיס הויף, אין דער פלאצקער גאס, האט מען מיך געכאפט און צוגעפירט צום קאש טשאל, וואו עס איז געשטאנען אויף דער וואך עפיס א קריסט, וועלכן איך האב נישט געקאנט. מיר האבן געוואַרט א צוואנציק מינוט, ביז עס איז אנגעקו מען א לאסט וואגן, פון וועלכן מען האט ארופגענו מען צוויי מענער. (ביז היינט ווייס איך נישט צי דאס זענען געווען יידן אדער קריסטן).

מיט דער גאנצער אקציע האט אנגעפירט דער דייטש פאל, קאמענדאנט פון גאסטינינער ס.ס.

אין א פאר מינוט ארום איז אנגעקומען דער פורמאן בעקטשינסקי מיט א פערד און וואגן. ווען איך האב געפרעגט פאלן אויף וואס מיר ווארטן, האט ער מיר געענטפערט, מיט א שמייכל אויף די ליפן, " אויף קוילן אייך אלע אויסצושיסן ".

די דייטשן האבן מיט צוויי קוילן אין רוקן דערשאסן די צוויי מענער, וואס זיי האבן געהאט מיטגעבראכט מיטן לאסט אויטא, און מיר האבן זייערע טויטע קערפער ארויפגעלייגט אויף בעקטשינ סקיס וואגן, וואס האט זיי אוועקגעפירט אין א אומבאקאנטע ריכטונג.

פאל האט דאן אונז געפרעגט צו מיר

האבן עפּיס געזעען. און ווען מיר האבן געשוויגן, נישט וויסענדיק וואס צו ענטפערן, האט ער געגעבן א שאס אין די לופט און געהייסן אונז שנעל אהיים לויפן. און אזוי זענען מיר באפרייט געווארן.

*

אויך מיט דער אקציע פון רעקווירירן מעבל ביי די יידן האט אנגעפירט פאל. מיט א גרופע דייטשן איז ער געגאנגען פון הויז צו הויז, געזוכט און אויך געפונען ניי און שיין מעבל און ארויסגעשלעפט, וואס עס האט זיך נאר געלאזט.אבער אויך פון אַרטע זאכן האט ער זיך נישט אפּגעזאגט. מיט א סאדיסטיש צופרידנהייט האט ער, צוזאמען מיט די דייטשן, צעבראכן און צעהאקט אלץ, וואס עס איז איהם נאר געשטאנען אין וועג און וואס עס האט איהם נישט געקאנט ברענגען קיין נוצן.

ווען פאל איז אריין צו אפרים מאטיל און באפוילן ארויסנעמען דאס מעבל פון צימער האט אפרים מאטיל, נישט מורא האבענדיק, זיך אנגערופן צו איהם אויף פויליש: "הער פאל, וואס טוט איהר, די צייטן קאנען זיך דאך בייטן". אויף דעם האט פאל איהם געענטפערט מיט א ביידערדיקן טאן, און אויך אין פויליש: "פארגעסט פון דעם , דאס וועט קיינמאל נישט פאסירן. מיר וועלן אייך אלע, ווי די הונט, אויסראטן"!

*

שוין עטליכע מאל האבן די דייטשן פראבירט אונטערצונדן די אלטע שוהל. שטענדיק אבער האבן זיך געפונען יידן, וועלכע האבן איינגעשטעלט זייער אייגן לעבן, און פארלאשן דאס פייער.

ביז....

איינמאל האבן די דייטשן ארייגגע גאסן בענזין און אונטערגעצונדן די שוהל פון אלע פיר עקן. די אלטע שוהל, וואס איז געשטאנען אי בער הונדערט און פופציק יאר, און וואס איז עדות געווען פון די יידישע פריידן און שמחות אין שטע טל, ווי אויך פון יידיש פיין און צרות, האט אנ געהויבן צו ברענען.

איך האב נאך דאמאלס געהאט אין דער היים מיין מונדיר פון די גאסטיניער פייערלעשער. איך האב איהם שנעל אנגעטון, און צוזאמען מיט די פוילישע פייערלעשער, האב איך געהאלפן אז דאס פייער זאל זיך נישט צעשפרייטן אויסער די שוהל.

איך געדענק נאך ווי מיין פאטער איז געלונגען ארויסצוראטעווען א טיר פון דער ברענענ דיקער שוהל. ווען די דייטשן האבן דאס געזעען, זע נען זיי צו איהם צוגעלאפן און געוואלט איהם א ריינשטופן אין פייער. צו זיין גליק איז דערנעבן געשטאנען א פויליש מידל, וואס איז געווען אין דינסט ביי משה מאטילן, פון דער פלאצקער גאס, און די האט עדות געזאגט אז ער איז נישט קיין ייד. און אזוי איז איהם געלונגען צו ראטעווען זיין לעבן . אויף ווי לאנג?...

צומארגנס האט מען גערופן דעם אלטן רב און איהם געצוונגן אונטערצושרייבן, אז ער מיט נאך א פאר יידן האבן אליין אונטערגעצונדן זייער אייגענע שוהל.

נאך דעם אומגליק איז דער רב ארויס פון גאסטינין און געוואלט זיך איבערטראגן נאך

לאוויטש. אבער, ווי מען דערציילט, האבן איהם די דייטשן געכאפט אין וועג און אומגעבראכט צו זאמען מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער.



נאכן פארברענען די שוהל האבן זיך אנגעהויבן די אמתע פּיקאנעס אויף יידן.

אין א שבת אין דער פרי איז דערשי נען א פאראָרדנונג אז אלע יידן מוזן אנטון געלע לאטעס. די לאטעס זענען געווען אין דער פארם פון א דרייעק. און טראגן האט מען זיי געדארפט אויף די פלייצעס, אין דער מיט, און מיט איין שפיץ אין דער הויך. די דאזיקע פאראָרדנונג האט זעהר פארערגערט די לאגע פון די יידן אין שטעטל. אזוי ארום איז געמאכט געווארן אן אונטערשיד צווישן יידן און קריסטן. די יידן זענען אפגעזונדערט געווארן פון די רעשט באפעלקערונג אין שטעטל און פארוואנדלט אין מענשן אנע רעכט און שוץ.



מען האט אנגעהויבן סיסטעמאטיש כאפן יידן צו פארשידענע ארבייטן. זיי האבן געמוזט שווער הארעווען גאנצע טעג, נישט קריגענדיק דערפאר געגנצליך באצאלט.

דאס כאפן די יידן צו דער ארבייט איז פארגעקומען אין א העכסט דערנידריקסטן וועג. א דייטשער זעלנער האט זיך באהאלטן אונטערא הויז און דערזעענדיק אדורכגיין א ייד האט ער אנגע וויזן אויף איהם מיטן פינגער און געשריגן צו איהם ווי צו א הונט: "יודע, קאם קאם!' און די ארבייט אליין איז שטענדיק געווען באגלייט מיט

שרעקליכע און מערדערליכע קלעפ.

*

אין דער זעלבער צייט איז געשאפן גע־
ווארן דער ערשטער יודענראט אין גאסטינין מיט אן
אייגענע יידישע מיליץ.

די מיטגלידער פון ערשטן יודענראט
זענען געווען: רוסאק – פארזיצער, יעקב זשיכלינ־
סקי, ציוויא מאטיל, אשר צווייבוים, אברהם דאנצי־
גער, יהושע מאטיל – מיטגלידער, און אברהם זייף
אלץ ראטגעבער.

אין דער מיליץ האבן געהערט: מאניעק
יאקובאוויטש – קאמענדאנט, שלמה סטריקאווסקי, מר־
דכי צווייגהאפט, יהושע זשיכלינסקי (פון גאמבין)
און צימערמאן (פעטע די פישערקיס א זוהן).

*

# גאסטינינער געטא .

דאס גאסטינינער געטא איז געשאפן געווארן אין אפריל 1940. עס האט זיך געצויגן פון עק זאמקאווא, דורך דעם שניידער געסל, באג ניסטא, אלשאווא, ביז פלאצקער גאס. עס האט אויך פארנומען א האלב הויז פון מאיר בוראק, נישט פון דער זייט פון מארק, נאר פון הויף. אין דעם הויז האט זיך געהאט געפונען די יידישע גמינע, וואס איז שפעטער פארוואנדלט געווארן אין א יודענראט .

דאס גאנצע געטא איז געווען ארומגעצוימט מיט שטאכל-דראטן. דאס טויער האט זיך געפונען ביים אריינגאנג צום שניידער געסל, אין דער זייט פון מארק. ארויס פון געטא זענען נאר די, וואס זענען אויפגעפאדערט געווארן צו דער ארבייט. אויסער זיי האט קיינער נישט געוואגט צו

פארלאזן דאס געטא.

די גאסטינינער יידן האבן נאך געהאט מזל, וואס מען האט זיי ערלויבט איבערצופירן אין געטא דאס פארמעגן, וואס זיי האבן געהאט. אזוי ארום האבן זיי געקאנט, דורך פארמיטלערס, ביסלעכ ווייס אויספארקויפן זייערע זאכן און אדורכשטיפן די שווערע צייטן, וואס זענען פון טאג צו טאג געווארן ערגער .



שווער איז געווען דאס לעבן אין געטא. יעדער האט נאר געקלערט ווי אזוי אדורכצולעבן דעם טאג. און די נאכט איז געווען נאך ערגער פון טאג. פלוצלינג האט געקאנט אריינקומען די געסטאפא, אין א יידישע שטוב אריין, אלץ צונעמען, און די מענטשן אוועקשיקן, נישט וויסנדיק וואו אהין. און דאס אלץ האט פאסירט דורך דער פארמיטלונג פון יודענראט און מיט דער הילף פון דער יידישער פאליץ.

די איינציקע, וואס האבן פארדינט א ביסל געלד אין געטא, זענען געווען די פאכמענער. זיי האבן באקומען ספעציעלע "שיינען" אריין און ארויסצוגיין פון געטא. זיי האבן געמאכט פארשידענע ארבייטן פאר די דייטשן און באקומען פאר דעם באצאלט מיט געלד. דער יודענראט האט אבער פון זיי גענומען זעהר גרויסע שטייערן.

דער יודענראט האט אויך געמוזט צו שטעלן יעדערן טאג די פארלאנגטע קוואטע יידן, וועלכע האבן געמוזט אויספירן פארשידענע ארבייטן נישט קריגענדיק דערפאר באצאלט.

דאס ענגשאפט אין געטא איז געווען זעהר גרויס. עטליכע פאמיליעס האבן געוואוינט אין איין צימער. אויסער די ארטיקע יידן האבן נאך געוואוינט אין געטא אנגעקומענע פון פלאצק, קוטנא, וולאצלאוועק, קאוואל, גאמבין און אנדערע ארומיקע שטעט. די סאניטארע באדינגונגען זענען געווען שרעקליכע. נאר פון צייט צו צייט איז ערלויבט געווארן ארויסצופירן אונטער דער שטאט דאס שמוץ,

וואס איז וואכנלאנג געלעגן אין די שמאלע געסלעך פון געטא.

*

מיט דער צייט האבן די דייטשן אנגע הויבן צו פייניקן די יידן און זיי אנטון פיל צרות.

איינמאל האבן זיי ארויסגענומען פון געטא זעקס יידן און זיי ארויסגעיאגט אויפן קא וואלער וועג, וואו עס האבן שוין געווארט עטלי כע מאן פון דער זשאנדארמעריע מיט גרויסע הונט. מען האט די יידן געהייסן לויפן א שטיקל וועג און די הונט זענען זיי נאכגעלאפן, געריסן ביי די קליידער, הענט און פוס.

דאס שפיל האט געדויערט עטליכע שעה ביז מען האט די יידן, אויסגעשעפטע און צעבלוטיק טע צוריקגעפירט אין געטא. איינער פון די זעקס יידן איז געווען שלמה מאטיל, איסער - מאירס א זוהן.

*

די יידן האבן געמוזט אויספירן די שווערסטע און שמוציקסטע ארבייטן אין אלע דייטשע אמטן און קאזארמעס.

די ערשטע מיידלעך, וואס זענען גע כאפט געווארן צו די דאזיקע ארבייטן זענען גע ווען: רבקה מאטיל, דעם "איידערנעם מאטילס" א טאכטער, די שוועסטער רחלה און אירה קאפלאן, רחלה בראקמאן און נאך אנדערע.

יעדערן טאג זענען די דייטשן אריין אין די יידישע שטובן, ארויסגעיאגט פון דארט

יונגע און אלטע און געפירט צו פארשידענע שווערע
ארבייטן, פון וועלכע די מערסטנטייל זענען צוריק
געקומען מידע, אויסגעשעפטע און נידערגעשלאגענע.

•

איינמאל איז אין געטא אריין די גע
סטאפא, אנגעפירט דורכן קרייז-אמטלייטער,צוזאמען
גענומען א פאר יונגע פרויען און מיידלעך, ארויס
געפירט זיי אויף דער גאס, און אין אנוועזנהייט
פון פיל קריסטן, זיי מערדערליך געשלאגן מיט ביי
טשן איבער די קניען. דאס געוויין און געשריי
פון די געשלאגענע און פארשעמטע פרויען און מייד
לעך איז אויסגעמישט געווארן מיטן סאדיסטישן גע
לעכטער פון די דייטשע בארבארן.

דאס שלאגן, שפאטן, פארשעמען און
דערנידריקן יידישע פרויען און מיידלעך האט זיך
שפעטער זעהר אפט איבערחזערט.

•

אין א געוויסן טאג האט דער יודענ
ראט, לויט א פארארדנונג פון די דייטשן, צוזאמענ
גערופן אלע יידן, אין עלטער פון 17 ביז 25 יאר.
די דייטשן האבן פון זיי אויסגעקליבן נישט פאר
הייראטע און אוועקגעשיקט אין אן ארבייטס לאגער
נאך דייטשלאנד.דאס איז געווען דער ערשטער טראנס
פארט יידן, וואס מען האט ארויסגענומען פון געטא
און אוועקגעשיקט אין דער פרעמד. אין דעם טראנס
פארט זענען געווען,די ביים לעבן געבליבענע ברו
דער שאיעוויטש, עטינגער, שמאי זאיאנץ, א געווי
סער יאקובאוויטש און די ברודער ראזענבערג.

אזעלכע טראנספארטן זענען שפעטער גע

וואַרן א זעהר אפטע ערשיינונג. אין איינעם פון
אזא טראנספּאָרט זענען איינמאל אוועקגעשיקט גע
וואַרן בלויז עלטערע יידן. צווישן זיי: שמעון
יוסף מאַטיל, משה מאַריץ, ליידער נײמאַן, אברהם
מאַטיל, יוסעלע,דער שוחט, און אנדערע.

אין די ערשטע צייט זענען נאך אנגע
קומען בריף פון דעם אָרט, וואו זיי זענען גע
ווען פאַרשיקט. אין די בריף, וואס זענען געווען
אויסגעוויַשט מיט פיל טרערן, האָבן זיי אונז גע
געבן צו וויסן וועגן די שרעקליכע באדינגונגען,
אין וועלכע זיי געפונען זיך. דאס זיי באַקומען
נישט קיין עסן און אז מען שלאָגט זיי מערדערליך
און אָן רחמנות....

שפּעטער האָט מען שוין פון זיי קיין
ידיעה נישט באַקומען.

*

ווען די דייטשן האָבן געטויטעט א
קריסט האָבן זיי גענומען יידן איהם צו באַגראָבן.
אזוי איך פאַרקערט. ווען א ייד איז דערהרגעט
געוואָרן האָבן איהם קריסטן באַגראָבן.

איינמאל, שפּעט ביי נאַכט, האָט מען
מיך אַרויסגעפירט פון געטא און געהייסן וואַרטן
אויף דער בריק, אין דער זאַמקאָווא גאַס. דאָרט
האָבן שוין אויך געוואַרט ברוך מאַטיל, פּסח פלאַם
בוים און נאך איינער,וועמענס נאָמען איך געדענק
נישט, עס איז באַלד אנגעקומען א וואָגן, באַדעקט
מיט שטרוי, אויף וועלכן מען האָט אונז געהייסן
זיך אַרויפזעצן, און מיר זענען אַרויסגעפאָרן
אויפן פּוילישן צמענטאַר.

דארט האבן מיר געוואוט ביז עס זענען אנגעקומען דריי געסטאפא לייט, מיט פאלן בראש, און מען האט אונז געהייסן גלייך זיך נעמען צו דער ארבייט. מיר האבן ארויסגענומען דריי טויטע קערפער פון וואגן און זיי אריינגעווארפן אין א גרויס גרוב, וואס איז דורך אנדערע נאך פריער אויסגעגראבן געווארן.

איך אליין בין שפעטער געשטאנען אין גרוב און גלייכגעלייגט די אריינגעווארפענע קער פער. ווילענדיק וויסן ווער די דריי דערהרגעטע זענען בין איך געפאלן אויף א שפיצל און אנגע צונדן א פאפיראס (ציגארעט). ווען איך האב זיך אבער אביסל נידעריקער ארופגעבויגן, ווילענדיק אנקוקן די פנימער פון די טויטע, האב איך באקו מען א שטארקן קלאפ מיט א ביקס איבערן קאפ און מען האט מיר באפוילן גלייך ארויס פון גרוב. די ארבייט איז פארענדיקט געווארן דורך די אנדערע יידן, וואס זענען געווען מיט מיר צוזאמען.

צו פארלייכטערן אביסל די לאגע פון די יידן אין געטא האט דער יודענראט געמוזט פון צייט צו צייט איבערקויפן די דייטשן מיט פארשי דענע מתנות פון געלד און ווערטפולע זאכן. דער אפעטיט פון די סאדיסטן איז אבער געווארן וואס אמאל גרעסער. מען האט פון די יידישע שטובן א רויסגעשלעפט אלץ, וואס האט נאר געהאט דעם קלענ סטן ווערט. שוין נישט בלויז גאלד, זילבער, ברי לאנטן און צירונגען, וואס זענען ביי די יידישע פאמיליעס, באזעסענע אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך, איבערגעגאנגען פון דור צו דור, נאר

אפילו קליינינקייטן ווי מלבושים, שיעך, וועש, טעפ צו קאכן און דאס גלייכן.

די דייטשע בעססיע איז געווארן אזוי הונגעריק אז מען האט זיך שוין נישט באגניגנט בלויז מיט מתנות, נאר מען האט אויפגעפאדערט דעם יודראט איינצוצאלן פאר יעדערן ייד א קאפ-שטייער. און נישט בלויז פון לעבעדיקע, נאר אויך פון טויטע, צו דעקן די הוצאות פון שענדן, פייניקן און מארדעוועווען די יידן.

*

זעהר שווער איז געוועזן אין געטא די לאגע מיט וואסער. פון פינף ביז זעקס אין דער פרי, און פון אכט ביז ניין אין אוונט, זענען גע וועזן די שעהן, אין וועלכע די יידן איז ערלויבט געוועזן צו נעמען וואסער, ביי איינע פון די צוויי פלימפן אין מארק. ביי יעדער פלימפ איז שטענדיק געשטאנען א דייטשער זעלנער און מיט דער הילף פון דער יידישער פאליציי האט ער געהאלטן ארדנונג.

די ראציעס פון ברויט זענען וואס א מאל פארקלענערט געווארן. פון צוקער און פלייש איז שוין קיין רייד נישט געוועזן. די דייטשן האבן אריינגעברענגט אין געטא קראנקע, רויטע חזירים, און א טייל יידן, נישט האבנדיק קיין ברירה, און מיינענדיק אז דערמיט וועלן זיי קאנען ברעכן דעם גרויסן הונגער, האבן דאס פלייש גע געסן. פיל פון זיי זענען באלד קראנק געווארן און איבערפירט אין "קליינעם געטא".

דאס "קליינע געטא" איז געשאפן גע-

ווארן אין מיטן פון גרויסן געסא, נאך דעם ווי פארשידענע קראנקהייטן און עפידעמיעס האבן זיך פאשפרייט אין געסא, צוליב די שרעקליכע און אונמענשליכע סאניטארע באדינגונגען. אין " קליינעם געסא " האבן די דייטשן איבערגעפירט די שווער קראנקע. זייער גורל איז געווען געחתמעט. פון דארט איז כמעט קיינער נישט צוריקגעקומען.

•

לויט דער איניציאטיוו פון אברהם דאנציגער און מיטהילף פון אהרון מרדכי מאטיל, די שווארצע פריידיס א זוהן, איז אין געטא איינגעארדנט געווארן א מקוה. די האט זיך געפונען ביי בוראקן אין קעלער, דארט, וואו עס איז אמאל געווען זיין עסיק פאבריק. אין מערטסן טייל איז די מקוה געווען אפן פאר פרויען.

אין געטא איז אויך געשאפן געווארן א ראט פאר פרומע יידן, אין וועלכן עס האבן גע הערט: שכר דב פינטשעווסקי, מרדכי מענדל דאנציגער, נחום ישראל שייער, א געוועזענער ראטמאן אין דער יידישער גמינע, זלמן קרול, שייערס אן איידעם, און יחיאל בראדזיאק. אלץ רב איז אויס געוועהלט געווארן מענדל האלצמאן, פון שניידער געסל, א בכבודיקער און אנשטענדיקער ייד.

•

פלוצלינג האבן אין געטא אנגעהויבן אויסצושטארבן אלטע יידן. צווישן זיי: מ.מאטיל, שויאל כזשאן, נחום ישראל שייער, יונה צוויג האפט, מיין מוטער פייגע מאטיל, שטיינמאן און

אנדערע. די יידן האבן עס באלד אויסגעטייטשט אלץ א שלעכטן סימן. מען האט אנגעהויבן דאווגען, דריי מאל זאגן תהילים, און פיל יידן זענען אפילו א רויסגעגאנגען אויפן גוטן-ארט בעטן ביי די הייליקע קברים, און איבערהויפט ביים קבר פון הייליקן צדיק ר' יחיאל-מאיר זצ"ל.

זעהר פיל יידן זענען דאמאלס פרום געווארן. אויך די, וועלכע זענען פריער אפילו אין דער שוהל נישט געגאנגען, האבן אנגעהויבן צו פאסטן (עס איז אזוי ווי קיין עסן נישט געווען) און בעטן רחמים ביי גאט ער זאל זיך דערבארעמען און נישט לאזן פייניקן אזוי שרעקליך זיין אומגליקליך פאלק.

*

די לאגע אין געטא איז פון טאג צו טאג געווארן ערגער. פלוצלינג האט מען זיך דערווסט אז די יידן פון זשיכלין און קראשניעוויץ זענען ארויסגעפירט געווארן צו פארניכטונג.

געוועזן איז דאס אין פורים 1942.

מיר האבן באלד געשיקט א שליח, א קריסט, נאך קראשניעוויץ ער זאל זיך דערוויסן די איינצלהייטן. ער איז צוריקגעקומען און באשטעטיקט אז דאס ג ע ט א איז דארט ווירקליך גענצליך ליקווידירט געווארן. ער האט אליין געזעען אין מארק ליגן פארשידענע פעק און זאכן, וואס די יידן האבן שוין נישט גע קאנט מיט זיך מיטשלעפן. ער האט זיך דערוווסט אז ביי נאכט האט מען גענומען אלע געבליבענע יידן און זיי אוועקגעשיקט אין א אומבאקאנטע ריכטונג.

*

זונטאג דעם 7טן מערץ 1942, ביינאכט
האבן די דייטשן ארומגערינגלט דאס געטא מיט פיל
זעלנער און פאליציי. מיר האבן געמיינט אז אס
אס דערנענטערט זיך אונזער סוף. דער יודענראט,
ווי אויך די יידישע פאליציי, האבן לויט א באַ-
פעהל, צוזאמענגענומען אלע מענער אויפן פלאץ,
וואס האט זיך געפונען אין שניידער געסל. ווען
א טייל מענער איז מיט גרויס שרעק ארויס איינגאס
איז די פאליציי אריין פון שטוב צו שטוב און
מיט ווילדע געשריי יען און מערדערליכע קלעפ א
רויסגעיאגט די אלע, וועלכע האבן זיך באהאלטן,
און ניעט געוואלט זיך שטעלן לויטן באפעהל.
מען האט אלע געהייסן מיטנעמען עסן
אויף דריי טעג און זיי זענען אפגעפירט געווארן
אין ארטיקן קאסטשאל. געהייסן האט עס אז מען
שיקט אלע אוועק אויף ארבייט.
אויך די מיטגלידער פון יודענראט
און דער יידישער פאליציי זענען פארשפארט גע-
ווארן אין קאסטשאל. דורך א גאנצע נאכט האט די
דייטשע פאליציי געברענגט צו פירן די יעניקע,
וואס האבן געהאט זיך אויסבאהאלטן אין פארשידע
נע ערטער פון געטא. מען האט אלע רעווידירט און
צוגענומען ביי זיי ביזן לעצטן גראשן. שפעט ביי
נאכט האט מען, מיט גרויסע לאסט אויטאס, גע-
ברענגט צו פירן פיל אומגליקליכע יידן פון טאני
קער און גאמבינער געטא.
ווען מען האט אין דערפרי באפרייט
אלע אלטע און קראנקע מענער האבן מיר אנגעהויבן

צו גלויבן אז אפשר שיקט מען ווירקליך אלע אוועק אויף ארבייט. א טייל פון די דייטשע זשאנדארמען האבן אונז אויך געגעבן צו פארשטיין אז עס איז בעסער געשיקט צו ווערן צו שווערע ארבייטן איידער צו בלייבן אויפן ארט, ווייל דער גורל פון געטא נינער געטא איז שוין געחתמעט. ע.ס איז אנגעקומען א באפעהל צו ליקווידירן דאס געטא.

*

צומארגנס, א זייגער צוויי ביי טאג, האט מען ארויסגעיאגט אלע יידן פון קאסטשאל, און באגלייט דורך דער זשאנדארמעריע, האט מען זיי אפגעפירט אויף דער באהן סטאציע. די געבליבענע פאמיליעס אין געטא איז ערלויבט געווארן זיי צו באגלייטן ביז צו דער סטאציע און דארט זיך מיט זיי געזעגענען.

עס איז אונמעגליך צו באשרייבן די סצענעס, וואס האבן זיך אפגעשפילט, ביים געזעגענען זיך. האצרייסנד איז געווען דאס געוויין און געשריי פון די פרויען און קינדער, וועלכע האבן געמוזט זיך צוקוקן ווי מען רייסט פון זיי אוועק זייערע טייערסטע. מען האט נאך דאמאלס נישט געוואוסט וועמענס גורל איז בעסער, צו דער פון די פארבליבענע, אדער פון די פארשיקטע.

אין די לעצטע מינוטן פארן אפפארן פון צוג האבן זיך נאך געשטעלט " פרייוויליקע " יידן, וועלכע האבן בעסער געוואלט פארשיקט ווערן אויף שווערע ארבייט, איידער צו בלייבן אין געטא.

*

געפירט האט מען אונז דורך קוטנא

נאך פויזן. ווען מיר זענען אנגעקומען נאך קאיל האט זיך דער צוג אפגעשטעלט. דארט האבן מיר זיך געמוזט צוקוקן צו שרעקליכע און גרויזאמע סצענעס וואס האבן זיך אפגעשפילט פאר אונזערע אויגן :

אט זענען אנגעקומען א פאר לאסט אויטאס, פון וועלכע מהאט ארופגעיאגט צענדליקע יידן, יונגע און אלטע. זייער געזיכט איז געווען נישט צו דערקענען, אזוי צעשלאגן זענען זיי אלע געווען. זייער ארבייט איז באשטאנען אין צוזאמענ קלויבן קליינע שטיינער, וואס זענען געלעגן אויף ביידע זייטן פון דער באהן ליניע. די אר- בייט פון די אומגליקליכע יידן איז געווען בא גלייט מיט געשרייען און מכות רצח. א טייל פון זיי זענען געבליבן טויט אויפן ארט.

מיר, די פארשפארטע אין די וואגאנען, האבן פאר גרויס שרעק אנגעהויבן שרייען און וויי נען. א הילכיקער "שמע ישראל" האט זיך געלאזט הערן פון אונזערע אלעמענס מוילער. די דייטשן האבן אונז דאן געסטראשעט אז ווען מיר וועלן נישט אויפהערן, וועלן זיי מיט אונז אויך דעם זעלבן סוף מאכן. ערשט, ווען דער צוג האט געריקט פון ארט, האבן מיר זיך אביסל בארואיקט.

די דאזיקע בילדער פון שלאגן, פיי ניקן און מארדעווען יידן האט זיך איבערחזרט אויף יעדערע סטאציע, וואו מיר זענען נאר אדורכ געפארן, ביז מיר זענען אנגעקומען נאך קאנין .

# די ליקווידאציע פון געטא .

וועגן דער ליקווידאציע פון גאסטי
ניגער געטא האבן מיר זיך דערוווסט אין קאנינער
לאגער. א מאנאט צייט זענען מיר דארט שוין גע
וועז. מיר האבן נאך אלץ באקומען בריף פון דער
היים, פעקלעך מיט עסנווארג און אנגעטועכץ. און
פלוצלינג איז געקומען די טרויעריקע ידיעה.

דאנערשטיק ביינאכט, דעם 16טן אויף
דעם 17טן אפריל, האבן די דייטשן ארויסגענומען
פון געטא אלע געבליבענע יידן, אלטע מענער, פרוי
ען און קינדער, און אונטער שווערע וואך גע-
פירט זיי אין קאשטשאל אריין. דער גאנצער וועג
איז געווען באגלייט מיט קלעפ און שיסערייען.

אין קאשטשאל האבן אלע געמוזט זיך
זעצן אויף דער ערד. ווער עס האט זיך געוואגט
אויפצושטעלן איז אויפן ארט דערשאסן געווארן. א
גאנצע נאכט האט מען נאך אריינגעפירט אין קאש
טשאל פרישע יידן. דאס זענען געווען די געבליבע
נע פון סאניקער און גאמבינער געטא.

צומארגנס אין דער פרי זענען אנגע-
קומען די טרויעריק באקאנטע שווארצע אויטאבוסן
מיט דער זאנדער קאמאנדע. מען האט אלע ארויסגע
יאגט פון קאשטשאל, אוועקגענומען פון זיי אלע
פעקלעך, וואס זיי האבן נאך געהאט מיט זיך, און

אלע אויפגעזעצט אויף די ווארטענדע אויטאס. אויך די פיל טויטע, וואס זענען ביי נאכט אומגעקומען אין קאסטעל, זענען ארויפגעווארפן געווארן אויף די אויטאס און מיטגענומען מיט די לעבעדיקע. די שווארצע וואגנס זענען געפארן ביז קאיל. דארט האט מען אלע ארייגעזעצט אין ארטיקן בית- המדרש און שפעטער אפגעפירט גרופענווייס אין כעלמנער וואלד, פון וואנען עס איז שוין קיינער ניט צוריקגעקומען.

די זעלבע אויטאס, וואס האבן געפירט די יידן צום טויט, האבן שפעטער צוריק געבראכט דאס אנגעטויעכץ און ווערט זאכן, וואס מען האט צו גענומען ביי די אומגעקומענע.



אין דער נאכט פון ליקווידירן דאס געטא איז אנטלאפן שלמה מאטיל, הערשלס זיהן, גע וועזענער ראטמאן אין טשאט - ראט און מיטגליד פון ארטיקן בונד. מיט איהם אויך זיין פרוי ברוכטשא און קינד צילא. עס זענען אויך אנטלאפן משה קעל לער מיט פרוי און קינד. עס איז זיי געלונגען אנ צוקומען אין זשיכלינער וואלד. דארט האבן זיי א בער פארבלאנדזשעט און ניט געקאנט געפונען דעם וועג. אלע זענען געכאפט געווארן דורך די דייטשן און אפגעפירט צום טראנספארט, וואס איז אפגעגא- נגען נאך קאיל.



אויך בערטשא באטשאן, דער שניידער, געוואינט אין דער שניידער גאס, ווי אויך עליאש קליינבארד האבן זיך ארויסגעכאפט פון געטא, אין

דער לעצטער מינוטן פון דער ליקווידאציע. זיי האבן האבן זיך ארויסגעקריגן דורכן דאך פון בוראקס הויז און אריין אין די וואוינונג פון א דייטשע פרוי, וואס האט זיי אויסבאהאלטן דורך א קורצע צייט. שפעטער האט זי זיי איבערפירט צו א דייטשן זשאנדארם, מאן, א טישלער, וועלכער האט זיי באהאלטן ביי זיך אין דער סטאדאלע, ביז זיי זענען איבערגעגאנגען צו א געוויסן וויערבלינסקי, א שוסטער און א קאמוניסט, וועלכער האט זיי אוועקגעפירט נאך ווארשע.

קליינבארד איז שפעטער אומגעקומען אין ווארשעווער געטא און באטשאן איז אין דער צייט פון אויפשטאנד ארויס פון געטא דורך די וואסער קאנאלען. ער איז אבער געכאפט געווארן דורך די דייטשן, וועלכע האבן איהם געניים אויסצוגעבן די יידן, וואס האבן זיך דארט געפונען. די יידן, נישט וויסענדיק ווער עס רופט זיי, האבן אנגעהויבן צו שיסן. און אזוי איז ער אומגעקומען.

*

שוין נאכן ליקווידירן דאס געטא זענען אין קריגער וואלד, אויפן וועג נאך ביאלא, געכאפט געווארן שמחה אלבערשטיין, ביירון מאטיל, עזריאל שער און דוד גליקסענבערגס א זוהן. אלע זענען אויפן ארט דערשאסן געווארן און אויפן ארט אויך באגראבן. ביי דער אלגעמיינער אקסהומאציע אין גאסטינינער פאוויאט האט מען אבער זייערע קברים נישט געפונען.

*

אין די לעצטע מינוטן פון דער ליק-

ווידאציע פון געסא איז געלונגען ארויסצוראטע ווען זיך ברוך מאטילן מיט זיין פרוי סאבסא, פון דער היים יאבלאנסקא, און ברוך כהנע. ברוך מאטיל מיט זיין פרוי זענען אויף אריטע פאפירן אוועקגעפיקט געווארן נאך אסט-פרייסן אויף אר- ביים ביי פריוואטע דייטשע פאמיליעס און אזוי איז זיי געלונגען איבערצולעבן דעם קריג.

ברוך כהנע איז געלונגען צו אנטלויפן צו די פארטיזאנער, זייענדיק פריער א געוויסע צייט אין ווארשע. נאכן קריג איז ער געווארן קאפיטאן אין דער פוילישער ארמיי. היינט געפינט ער זיך אין פוילן.

צוזאמען מיט די אויבנדערמאנטע איז פון אנפאנג אויך געוועזן זאוועק כזשאן. שפעטער איז ער געכאפט געווארן און איבערשיקט נאך אויש ווויץ, ווּאו עס איז איהם געלונגען איבערצולעבן דעם קריג. היינט געפינט ער זיך אין איטאליע.

•

גראטעוועס פון געסא האבן זיך אויך לוסקא מאטיל מיט איהר ברודער לייביש. זיי זענען אנגעקומען נאך ווארשע און דארט געלעבט אויף ארי שע פאפירן. א געוויסע צייט האט לוסקא מאטיל מיט געארבייט מיט נ.ש.ז. (נאראדאווא שילא זבראינא), די אומלעגאלע נאציאנאלע פוילישע ארמיי. ווען די פאלאקן האבן זיך אבער דערוווסט אז זי איז א יידן האט זי געמוזט פארלאזן ווארשע. היינט געפונען זיך ביידע אין פוילן.

•

בינעס מאטיל מיט זיין פרוי און

קינד זענען פון ווארשע געשיקט געווארן נאך מיי דאנעק. אין וועג איז זיי געלונגען ארויס צו שפרינגען פון פארענדיקן צוג און אזוי ארום זיך צו ראטעווען. דאס קינד האבן זיי נאך פריער איינגעוויקלט אין א קישן און ארויסגעווארפן דורכן פענסטער. זיי זענען צוריק נאך ווארשע און דארט האבן זיי א געוויסע צייט געארבייט אין א בערשטן פאבריק, וואו דער אנפירער איז געווען שמשון כ"ץ פון גאסטינין. איינמאל, אהיימקומענדיק פון דער ארבייט, האבן זיי דאס קינד נישט געפונען. ווי זיי האבן זיך שפעטער דערוווסט, האבן עס די דייטשן צוגענומען. זיי אליין זענען שפעטער אפגעשיקט געווארן אין א לאגער נאך דייטשלאנד, וואו זיי האבן איבערגעלעבט דעם קריג.

*

צווישן די יידן, וועלכע זענען אנטלאפן פון גאסטינינער געטא נאך שטשיגאווא, זענען אויך געווען צוויי מיסגלידער פון גאסטינינער יודענראט, יהושע מאטיל און סאלעק גאמבינער. זיי זענען אבער אין וועג געכאפט געווארן און דער שאסן אויפן ארט.

*

ביי דער ליקווידאציע פון געטא איז אויך געלונגען צו אנטלויפן די פרוי האלצמאן מיט איהר טאכטער. (זיי האבן געהאט א האלץ סקלאד אויף קוטנער וועג). זיי זענען אנגעקומען נאך ווארשע און דארט געלעבט אויף ארישע פאפירן. ביז איינמאל איז די טאכטער פארהאלטן געווארן אויף דער גאס דורך געסטאפא און ביי רעווידירן די פא

פירן האט מען ביי איהר געפונען א מאסורא צייגע ניש אויף איהר אייגענעם נאמען אלץ יידן. זי איז אויפן ארט דערשאסן געווארן.

די פרוי האלצמאן איז געלונגען אי בערצולעבן דעם קריג און היינט וואינט זי ביי די עלטסטע טאכטער אין ענגלאנד. איהר זוהן העניעק וואינט אין ישראל.

*

דוד בעלפער מיט זיין טאכטער גוטא, די פרוי פון משה ווארקאוויטש, און זייער קליין טעכטערל, האבן זיך אויסבאהאלטן די גאנצע צייט אין א דארף, נעבן ווארשע, און אזוי אנוך איבער לעבט דעם קריג. משה ווארקאוויטש איז פון אנפאנג קריג אנטלאפן נאך רוסלאנד. ער האט אבער שטארק געבענקט נאך זיין פרוי און קינד און איז צוריק אהיים. דארט איז ער אומגעקומען דורך די דייטשן.

*

פון גאסטינינער געסא, נאך ווארשע איז אויך אנטלאפן אנדזיא גלאגאווסקא, די עלטסטע טאכטער פון פעלטשער יאקובאוויטש.דעם גאנצן וועג פון גאסטינין נאך ווארשע איז זי געגאנגען צופוס. זי איז שפעטער אומגעקומען אין ווארשעווער געטא.

*

טעוועק ברעסלער איז צוזאמען מיט מאניעק גאלדמאנען אנטלאפן נאך רוסלאנד.אין 1940 איז ער צוריק נאך ווארשע און דארט געלעבט ביז 1944. אין דער צייט איז ער, ביי זיך אין שטוב, געכאפט געווארן דורך געסטאפא און דערשאסן.

*

## די אונטערגרונד באוועגונג.

עס איז געווען א צייט אז אויך אין גאסטינין האבן מיר אנגעהויבן צו טראכטן וועגן א אומלעגאלע זעלבסשוץ קעגן די דייטשן. מיר האבן געוואלט ארגאניזירן די יידישע יוגענד אז מען זאל זיך נישט לאזן פירן ווי שעפסן צו דער שחיטה.

דעם געדאנק און רוף צו דעם האט גע געבן איינער א ייד, וועלכער איז אנטלאפן פון יי דישן דארף בוגאי, נישט ווייט פון קאיל, און צו זאמען מיט זיין פרוי איז ער אנגעקומען נאך גאס טינין. א געוועזענער אפיציר פון דער פוילישער ארמיי, איז ער גרייט געווען איינצושטעלן זיין אייגן לעבן נאר די יידן זאלן מיט כח זיך אקעגן שטעלן די דייטשע רוצחים. ער האט זיך אויך ארום געטראגן מיטן געדאנק צו מאכן אן אויפשטאנד קעגן די דייטשן.

לויט זיין איניציאטיוו איז געגרינ דעט געווארן דער ערשטער, צייטווייליקער, קאמי טעט פון דער יידישער אונטערגרונד באוועגונג אין גאסטינין, אין וועלכן, אויסער איהם, האבן געהערט: שלמה מאטיל, איסר מאירס זוהן, שלום קעללער, ביירוך מאטיל און איך. אונזערע ערשטע אויפגאבע האט געדארפט זיין אנבינדן א קאנטאקט

מיט דער פוילישער אונטערגרונד, וואס האט שוין עגזיסטירט אין גאסטינין. צו דעם צוועק זענען אויסגעוועהלט געווארן ביירון מאטיל און איך.

•

די ערשטע בשותפותדיקע זיצונג מיט די פארשטעער פון דער פוילישער אונטערגרונד באוועגונג איז פארגעקומען ביי זשאלנאווסקין אויפן טארטאק. אויסער איהם האט פון די פאלאקן אנטייל גענומען א געוויסער שלעזינגער.

אויף דער זיצונג איז ארומגערעדט געווארן די אלגעמיינע לאגע אין גאסטינין אונטער די דייטשע אקופאציע. מיר, פון אונזער זייט, האבן באריכטעט וועגן דער לאגע אין געטא און געבעטן הילף פון דרויסן אין דער פארם פון עסנוואר, קליידונג, און איבערהויפט געוועהר.

זשאלנאווסקי האט אונז געגעבן א בריף צו איינעם א סוואלסקי, וועלכער האט געארבייט אין פסיכיאטרישן שפיטאל, אונטער גאסטינין, און געהייסן אונז שטיין אין פארבינדונג מיט איהם. נאך דעם איז איציק ברעסלער אויסגעוועהלט געווארן אלץ פארבינדונגס מאן צווישן זשאלנאווסקין און דער יידישער אונטערגרונד. ברעסלער האט דאמאלס געפאשעט די בהמות ביים דייטש מאן, נישט ווייט פון זשאלנאווסקין.

•

די צווייטע זיצונג מיט די פארשטעער פון דער פוילישער אונטערגרונד איז פארגעקומען ביי זיגמונד בעקטשינסקין. דארט האבן שוין אנטייל גענומען מעהר פאלאקן און צווישן זיי: האט

טאוויטש, וואס איז שפעטער אומגעקומען אין די
קאמפן פון די פארטיזאנער מיט די דייטשן אין די
גאסטינינער געגנטן, סטאנטשיק, דער איינהאבער
פון די ביאלער וואסערן, און עטליכע מאן, וואס
האבן געארבייט אין פסיכיאטרישן שפיטאל, אלע זע
נען זיי שפעטער אומגעקומען אין די פארטיזאנער
קאמפן מיט די דייטשן.

ביז שפעט אין דער נאכט איז ארומגע
רעדט געווארן די געשפאנטע לאגע. דער פראיעקט א
בער וועגן א געמיינזאמען אויפשטאנד פון יידן און
פאלאקן איז אפגעווארפן געווארן. די פאלאקן האבן
געהאלטן אז עס איז נאך פריצייטיק, אז מיר זענען
נאך צו שוואך, האבן נאך ווייניק מענשן און וויי
ניק געווער, אז די יוגענד איז אין מערסטנטייל
אוועקגעשיקט געווארן אין די קאנצענטראציאנס לא
גערן אין פוילן, אדער אויף ארבייט נאך דייטש
לאנד. די אנוועזנדע האבן אבער צוגעזאגט צו העל
פן די יידישע אונטערגרונד מיט אלץ מעגליכעס און
צו שטיין מיט אונז אין א ענגערן קאנטאקט.

*

אונזער פארטרויערונגס מאן, איציק
ברעסלער, האט אונז פון זשאלנאווסקין געבראכט
דעם ערשטן רעוואלווער. באלד נאך דעם האבן מיר
באשלאסן אויפצולעזן דעם צייטווייליקן קאמיטעט
און צו רופן די ערשטע פארזאמלונג פון די יידישע
אונטערגרונד אין גאסטינין.

צו דער פארזאמלונג זענען געקומען
די אנגעזעענסטע יידן אין שטאט: פראפעסאר זארכין
אפרים מאטיל מיט זיינע דריי ברודער, איציק ברעס

לער, יעקב לינדערמאן, אברהם זייף, שלמה מאטיל, געוועזענער ראטמאן אין שטאט-ראט, דאלעק גאמבינער יהושע מאטיל און די פרוי ליבראך.

פון די יוגענד האבן אנטייל גענומען: שלום קעללער, שלמה מאטיל, ברוך פינטשעווסקי, יאשע מיכאלסקי, הערשל בוראק, אברהם מיכאלסקי, וולאדעק לאסקי מיט זיין פאטער, דעם גורקער פריץ, בייריך מאטיל און איך.

אלץ פארזיצער פון דער פארזאמלונג איז אויסגעוועהלט געווארן פראפעסאר זארכין און אלץ סעקרעטאר אברהם זייף. פון אלטן פראפעסאר זארכין איז דאמאלס ארויס דער רוף: "יידן צום געווער! ער האט גערופן די יידישע באפעלקערונג זיך צו ארגאניזירן און נישט לאזן זיך פייניקן און מארדעווען. אויף בלוט דארף מען ענטפערן מיט בלוט.

לויט דער איניציאטיוו פון פרוי ליבראך איז אויפן ארט געזאמלט געווארן איבער 10 טויזנט מארק, (זי אליין האט געשפענדעט פינף טויזנט מארק) און עס איז באשלאסן געווארן פאר דעם געלד צו שאפן געוועהר.

די אגוועזענדע זענען צעטיילט געווארן אין פארשידענע גרופן, וועלכע האבן געדארפט אבייטן אין שטרענגע קאנספיראציע. זייערע אויפגאבן זענען געווען צו באאיינפלוסן אנדערע יידן, און איבערהויפט די יוגענד, אריינצוטרעטן אין דער אונטערגרונד באוועגונג, זאמלען געלד, עסנווארג, קליידונג, שאפן געוועהר און גרייטן זיך צו אן אויפשטאנד.

*

צו קיין אויפשטאנד איז אבער נישט
געקומען. א געוויסע צייט נאך דער פארזאמלונג
נאך פארשידענע צוגרייטונגען און פיל האפנונגען
האבן די דייטשן, ווי זיי וואלטן געפיהלט אז עס
גרייט זיך עפּיס, צוזאמענגענומען אלע איבערגע-
בליבענע יונגע מענשן פון געטא און זיי איבערגע
שיקט אין לאגער נאך קאנין.

אזוי איז צורינען געווארן אונזער
פלאן און ווילן נקמה צו נעמען פאר די צענדליקע
און הונדערטער יידן, וועלכע זענען, נאך פארן שא
פן פון געטא, און אין דער צייט פון געטא, באר
באריש און בעסטיאליש דערמארדעט געווארן דורך
די דייטשע חיות.

*

# דער לאגער אין קאנין .

דעם 15 טן מערץ 1942 זענען מיראנגגע קומען נאך קאנין. מען האט אונז באלד ארויסגע יאגט פון די וואגאנען, אויסגעשטעלט אין רייען, צו פינף אין איין רייע, און מיט פיל געשלעג און ווילדע געשרייען האט מען אונז אפגעפירט אין לא- גער, וואס האט זיך געפונען נישט ווייט פון דער באהן-סטאציע. מיר זענען געווען ביז אן אכט הונ דערט מאן און צווישן אונז האבן זיך געפונען עט ליכע יידן פון זשיכלין, קאוואל, פלאצק און גאמ בין.

אין לאגער האט מען אונז צו זעכציק מאן אריינגעפירט אין ליידיקע שמוציקע באראק, אין וועלכע עס זענען געשטאנען, אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, דריישטאקיגע, אייזערנע בעטן (פריטשעס). קיין מאטראצן זענען אויף די בעטן נישט געווען.דער לאגער איז ערשט נישט לאנג אויפ געשטעלט געווארן און ער איז נאך אפילו נישט גע ווען ארומגעצוימט מיט קיין דראטן. דאס האבן מיר ערשט שפעטער אליין געמוזט מאכן.

*

דעם ערשטן טאג האט מען אונז צו דער ארבייט נאך נישט געפירט. קיין עסן האבן מיר נאך נישט באקומען. וואסער איז נאך נישט געווען. יע

דער פון אונז האט נאך געהאט עסן פון דער היים
אזוי אז קיין הונגער האבן מיר דערווייל נאך
נישט געפיהלט.

דעם דריטן טאג ביינאכט האט מען א
פערציק מאן פון אונזער בלאק, נומער פינף, ארויס
געפירט אויפן שאסיי, אויפגעזעצט אויף לאסט-אוי
טאס און אפגעפירט אויפן וועג נאך סלופצע. דארט
זענען געשטאנען פיל וואגאנען, פון וועלכע מיר
האבן געמוזט ארופלאדענען האלצענע שפאלן צו דער
באהן-ליניע. די דייטשן האבן דאמאלס געהאט גע
לייגט א דאפעלטע באהן ליניע, וואס האט זיך געצוי
גן פון קוטנא ביז פויזן.

די ארבייט איז געווען באגלייט מיט
קלעפ און געשלעגן. מיר האבן אבער נאך געדאנקט
דערפאר, וואס מיר זענען בשלום און גאנצע צוריק
געקומען אין לאגער אריין.

מיט דער צייט זענען צוגעקומען נאך
פיל יידן, וועלכע מען האט געבראכט פון אנדערע
לאגערן, וואס זענען שוין דורך די דייטשן ליקווי
דירט געוואָרן.

•

נאך עטליכע טעג האט מען אונז אלע
איינגעטיילט אין עטליכע ארבייטס גרופן. איין גרו
פע פאר דער פירמע "אסט דויטשע", א צווייטע פאר
"דיילי דילינגער", און א דריטע איז געשיקט גע
ווארן נאך סלופצע. דער גרעסטער פלאץ איז געווען
ביי די "אסט דויטשע".

געארבייט האבן מיר פון אכט ביז צען
שעה א טאג. צו עסן האבן מיר באקומען 250 גראם

ברויט און אויף דער נאכט,נאך דער ארבייט, א זופּ
פון וואסער מיט זיסע בוראקעס, בריקעוו אדער פאק
זשיוועס. די זופּ איז געווען געשמאלצן מיט אייל.
דאס נישט נארמאלע און נישט גענוגענ
דע עסן האט אין די ערשטע צייט ארויסגערופן ביי
אונז פיל קראנקהייטן. ביסלעכווייס האבן מיר זיך
אבער צוגעוואוינט צו די בוראקעס און פאקזשיוועס.
דער הונגער איז אבער געוואקסן פון טאג צו טאג.

*

אין א קורצער צייט ארום איז דער לא
גער ארומגעצוימט געווארן מיט שטאכל דראט. ביים
טויער זענען אנידער געשטעלט געווארן מיליציאנ
טן און וואכמענער. קיינער האט אן א ערלויבניש
נישט געקאנט אריין און נישט ארויס פון לאגער.
נישט ווייט פון אונז האט זיך געפונען א צוויי
טער לאגער פון קריסטן. זייער לאגער איז אבער
מיט קיין דראטן נישט ארומגעצוימט געווארן.

*

עס זענען אדורך נישט פיל טעג און א
פאר יידן זענען דערהרגעט געווארן אויף טויט. די
זאך האט פאסירט אזוי: ווי שטענדיק האט מען אונז
אויפגעוועקט א זייגער פינף אין דער פרי. א זיי
גער זעקס האבן מיר שוין, אין רייען, מארשירט צו
דער ארבייט, באגלייט דורך די וואכמענער און שאכ
מייסטערס. נאך אונז איז נאכגעגאנגען דער שעף פון
די "אסט-דויטשע" יענדרעצקי. אפגייענדיק שוין א
שפאר שטיקל וועג זענען א פאר יידן אפגעשטאנען,
נישט קאנענדיק שנעל נאכגיין די מארשירענדע. דער
שעף מיט די וואכמענער האבן אנגעהויבן זיי מער

דערליך צו שלאגן מיט שטעקנס איבער די קעפ ביז די יידן זענען אנידער געפאלן. שפעטער האט מען זיי געקאפעט מיט די פוס, וואס זענען געווען אין שטיוול, אונטערגעהאקטע מיט נעגל, ביז די אום גליקליכע יידן האבן אויסגעהויכט זייערע נשמות. מען האט זיי באלד צוריק געפירט אין לאגער און פון דארט אויפן קריסטליכן צמענטאר. די ערשטע דערהרגעטע זענען נישט געווען קיין גאסטינינער.

און אזוי האט זיך געפירט כמעט יע דערן טאג. איינמאל איז איין ייד נישט אהיים גע קומען פון דער ארבייט. נאך לאנגע זוכענישן האט מען איהם שפעטער געפונען אויפגעהאנגען אויף א בוים אין קאנינער וואלד. אויך דער ייד איז נישט געווען קיין גאסטינינער. ער האט געשטאמט פון גאמבין.



קיין וואסער האבן מיר נאך אלץ נישט געהאט. נישט צום טרינקן און נישט צום וואשן.די, וועלכע האבן געארבייט אין סלופצע,האבן פון צייט צו צייט מיטגעברענגט פון דארט אביסל וואסער צום וואשן, אבער צוקומענדיק צום טויער פון לאגער, האבן די וואכמענער זיי שטענדיק באזוכט און ביי פיל דאס וואסער אויסגעגאסן.



די ארבייט איז געווען זעהר א שווע רע. און דערצו נאך נישט קיין עסן און נישט קיין טרינקן.נאך א קורצע צייט זענען פיל יידן געפאלן אזוי פון די שווערע,צוועלף שעהדיקע ארבייט, ווי פון די מערדערליכע קלעפ פון די דייטשע סאדיסטן.

אויך נאך דער ארבייט, אין לאגער גו פא, האבן מיר קיין רוהע נישט געהאט. פון צייט צו צייט האט מען אונז אויפגעוועקט אינמיטן דער נאכט, ארויסגעיאגט פון די באראקן, און אן קיין סיבה, ביי ווילדע געשרייען, מערדערליך געשלאגן.

*

איך בין אויסגעוועהלט געווארן אלץ עלטסטער פון א קאלומנע יידן, וועלכע האבן געאר בייט ביי דער פירמע "אסט-דויטשע". אונזער שאכ מייסטער איז געווען א געוויסער דייטש שיינמאן. איך האב באקומען א שטעקן, דאס געוועהר פון אן עלטסטן.

איינמאל איז אנגעקומען צו רייטן אויף א פערד יענדרעצקי, דער שעף פון דער פירמע "אסט-דויטשע", און זעענדיק ווי די יידן ארבייטן, האט ער מיר צוגענומען דעם שטעקן און מיך אומ ברחמנותדיק געשלאגן איבערן קאפ. צום סוף האט ער געזאגט: "דו ווייסט פארוואס דו האסט געקריגן גע שלאגן? ווייל דו האסט באקומען א שטעקן צו שלאגן די ארבייטער און דו האסט זיי נישט געשלאגן". און אויף מיין באמערקונג אז די מענשן האבן דאך געארבייט, האט ער געענטפערט: "יא, אבער דער שטעקן איז צו שלאגן".

א צווייט מאל, צוקומענדיק צום אר בייטס-פלאץ, האט ער מיך געפרעגט: "וויפיל מאן ארבייטן ביי דיר"? און אויף מיין ענטפער אז עס ארבייטן ביי מיר פינפאונצוואנציק מאן האט ער רואיק געזאגט: "צומארגנס זאלן קומען נאר צוואנ ציק מאן צו דער ארבייט. די רעשט דארף מען טוי

סן". און ער האט רואיק פארלאזט דעם פלאץ.

•

אונזער פארשטעער אין לאגער איז דא מאלס געווען אברהם זייף. ווען איך האב איהם דער ציילט, וואס עס האט מיר באפוילן דער שעף פון די "אסט-דויטשע", האט ער מיר געראטן אז צו מארגנס זאל איך ארויסגיין צו דער ארבייט מיט אן אנדערע גרופע, צ.ב. מיט די, וואס פארן נאך סלופצע, און אזוי ארום וועל איך זיך קאנען ראטעווען פון די נעגל פון סאדיסטישן שעף.

דאס איז געווען א גוטע עצה און צו מארגנס בין איך געפארן צו דער ארבייט מיט די גרופע נאך סלופצע. און ווען יענדרעצקי האט צו מארגנס געפרעגט די גרופע פון די "אסט-דויטשע" וואו עס איז זייער פארארבייטער, האבן זיי גע ענטפערט אז זיי ווייסן ניט.

אזוי איז מיר געלונגען ענדליך פטור צו ווערן פון זיין עלטסטער און אויך פון דער פירמע "אסט-דויטשע".

•

אין סלופצע האבן מיר געארבייט ביי לייגן א צווייטע באהן-ליניע פון סלופצע ביז קא נין. דארט האבן מיר זיך געטראפן מיט נאך יידישע ארבייטער, וואס זייער לאגער האט זיך געפונען אין פויזן. דאס זענען געווען יידן פון דער לא דזשער געגנט.

פון די גאסטינינער האבן דארט געאר ביים: שואל טאיעוויטש, שלמה און יצחק מאטיל, די זוהן פון איסר מאיר, (זייערס א שוועסטער, רבקה

מרגלית, געפינט זיך אין ישראל), יעקב מאטיל. די שווארצע פריידיס, יעקב לייב מאטיל, דעם טויבן הערשלס א זוהן, די ברודער שמואל און מאיר מארקא וויטש, העינעך און הערשל בוראק, ברוסטאווסקיס א זוהן און אויך אן איניקל משה, לאסקי, דער גור קער פריך מיט זיין זוהן וולאדעק, פולע דאנציגער דער הימל מאכער מיט זיין זוהן, יעקב ליפע זשא לאנדזש, יעקב זשיכלינסקי און זיין זוהן דאלעק, און בינעם מאטיל מיט זיין שוואגער.

דער עלטסטער פון אונזערע קאלומנע איז געווען קירש, דער שניידער. די קאלומנע האט געציילט ביז אכציק מאן. צו דער ארבייט זענען מיר ארויסגעפארן יעדערן טאג א זייגער זעקס אין דער פרי און צוריק געקומען א זייגער ניין אויף דער נאכט.

די ארבייט איז באשטאנען אין ברייטער מאכן די באהן ליניע און צוגרייטן א פלאץ צו א נייעם און גרעסערן וואגזאל. מיר זענען געווען איינגעטיילט אין עטליכע גרופן און יעדערע גרופע האבן אנגעפירט און געהיטן פוילישע פאראארבייטערס

די ארבייט אליין איז געווען זעהר א שווערע. מיר האבן געמוזט איבערפירן אייזערנע שטאנגן פון איין פלאץ אויף א צווייטן. און אזוי ווי די שטאנגן זענען געווען זעהר שווערע, האבן געטראגן מעהר ווי צוואנציק מאן איין שטאנגע. איינער האט געטרעטן דעם צווייטן אויף די פוס. און נישט איינמאל זענען מיר געפאלן צוזאמען מיט די שטאנגע. און קלעפ האבן מיר דאמאלס באקומען, אז א טייל האט זיך געוונשן בעסער דעם טויט, איי

דער אויסצושטיין אזעלכע קאטארגעס.

מיר האבן אויך געפירט וועגלעך מיט זאמד און שטיינער. צו פארלייכטערן זיך די אר ביים האבן מיר אונטערגעלייגט ברעטער פון ארט, וואו מיר האבן אנגעפילט די וועגלעך, ביזן פלאץ, וואו מיר האבן זיי אויסגעלאדעוועט. אבער אויך דאס האט נישט געהאלפן און די וועגלעך האבן זיך, אין מערסטנטייל, איבערגעקערט. און עס איז פאר שטענדליך אז יעדעסמאל זענען מיר דערפאר געשלאגן געווארן ביז בלוט.

קיין אפרו האבן מיר ביי דער ארביים נישט געהאט. אויך קיין עסן האבן מיר ביי דער אר ביים נישט באקומען. וואס מיר האבן געהאט מיטגע נומען פון לאגער, דאס האבן מיר געגעסן. און וואס אן עסן מיר האבן געהאט באקומען אין לאגער קאנט איהר זיך פארשטעלן.

אזוי האבן מיר געארביים ביז מיר הא בן פארענדיקט די באהן-ליניע ביז סטזשאלקאווא.

*

איינמאל האב איך געטראפן ביי דער ארביים א געוועזענעם פוילישן אפיציר, וואס איז נאך אין אנפאנג קריג אנטלאפן פון דייטשן פלען, און איך האב איהם געהאט אויסבאהאלטן א פאר וואכן ביי מיר אין דער וואינונג, אויף דער פלאצקער גאס. נאכהער האב איך איהם געהאט איבערגעטון אין ציוויל און אפגעשיקט נאך סלופצע.

ער האט מיך גלייך דערקענט. א דאנק איהם בין איך שפעטער אביסל געקומען צו זיך. איך האב באלד באקומען א לייכטערע ארביים און יעדערן

סאג האב איך פון איהם אויך באקומען א שטיקל ברויט און אביסל זופ, וואס זיין פרוי האט איהם געברענגט צו דער ארבייט.

אין א געוויסער צייט ארום האט ער מיר געגעבן א בריף צו א געוויסן יעזשי ביעלאוו סקי, א זוהן פון קאנינער בעקער. אין בריף האט ער איהם געבעטן מיר העלפן מיט וואס עס איז נאר מעגליך. דער דאזיקער ביעלאווסקי האט געארבייט אין דער ארטיקער פאראוואזאווניע און איז געווען איינער פון די אנפירער פון די פארטיזאנער אין קאנינער קרייז.

א דאנק די צוויי קריסטן איז מיר לייכטער געווען אדורכצומאכן די שווערסטע צייט אין מיין לעבן.

*

ביי דער ארבייט אין סלופצע זענען אומגעקומען פיל יידן. קיינער פון זיי איז נישט געווען קיין גאסטינינער. א טייל פון זיי איז דערשאסן געווארן, ווייל זיי זענען געגאנגען בעטן ברויט ביי די פאלאקן.

איינמאל, ווען מיר זענען געשטאנען אויף די וואגאנען און אפגעלאדענט זאמד, איז ליי בל קונצמאן פלוצלינג ארונטערגעפאלן אונטער א וואגן און די רעדער האבן איהם צעשמעטערט דעם לינקן פוס. מיר האבן איהם גלייך, צוזאמען מיט א דייטשן אפיציר, גענומען נאך סלופצע צו א דאק טער, וועלכער האט באפוילן, וואס שנעלער, צו אמ פוטירן דעם פוס. דער דייטש האט אבער צו דעם נישט צוגעלאזט, זאגענדיק אז עס איז נישטא קיין

צייט צו אפערירן א ייד. קונצמאן איז מיט גרויסע שמערצן צוריק געפירט געווארן נאך קאנין. אין א פאר טעג ארום איז ער, מיט נאך עטליכע אונפעאיקע ארבייטער, אוועקגעשיקט געווארן נאך כעלמנא, וואו אלע זענען זיי אומגעבראכט געווארן דורך די דיי טשן אין די גאז קאמערן.

•

נאך א געוויסער צייט זענען מיר צו געטיילט געווארן צו דער פירמע "טרייביטש". עס איז אין קאנין געווען נאך א פירמע, "האלצמאן", אבער דארט האט מען קיין ייד צו דער ארבייט נישט געוואלט אנעמען.

•

דער צווייטער גאסטינינער קרבן איז געווען מאיר ברוסטאווסקיס איייניקל. א וועגעלע מיט זאמד איז אויף איהם אריבער די פוס. מיר האבן דורך עטליכע טעג בסוד, א שווער קראנקן, איהם גע האלטן אין לאגער, וואו ער איז, נאך שרעקליכע שמערצן, געשטארבן. מיר האבן איהם שטילערהייט בא גראבן אויפן פוילישן צמענטאר.

באלד נאך איהם איז אומגעקומען שייע פיינזילבערס אן אייניקל. נאך א געוויסער צייט זענען פארטיט געווארן לאסקי, דער גורקער פריץ, און פולע דאנציגער, דער היטל מאכער. זיי זענען מיט א טראנספארט אפגעשיקט געווארן נאך כעלמנא, וואו זיי זענען אומגעקומען מיט פיל טויזענטער אנדערע יידן.

•

# אוישוויץ.

וועגן לאגער אוישוויץ, וואו עס האבן זיך אויך געפונען צענדליקער גאסטיניער, איז פשוט שווער צו שרייבן. די גאז קאמערן און די ברען אויוונס, דער סאדיזם פון די דייטשן, דאס פייניקן יידן דורך מיטלען, וואס נאר דער טייוול אליין האט געקאנט אויסטראכטן, דאס האפנונגסלאזע לעבן אן א היינט און אן א מארגן, דאס אפגעריסנקייט פון מענשן, נישט נאר פון קליידער, נאר פון גאטס צלם אפילו, דאס אלעס איז איבער אונזערע כחות, אז מיר זאלען עס קאנען איבערגעבן דא אין שריפט.

מיר גלויבן אבער אז עס וועלן זיך געפונען שרייבערס, וועלכע וועלן קאנען פאראייביקן אויפן פאפיר דעם שרעקליכן גיהנום, אין וועלכן מיליאנען אומשולדיקע יידן זענען, אין שרעקליכע פיין, אומגעקומען.

פאר די, וועלכע האבן עס יא, על פי נס איבערגעלעבט, וועט אוישוויץ בלייבן אלץ א שרעקליכער, גרויזאמער, ווילדער און בלוטיקער קאשמאר.

מיר האלטן אויך, אז פארן גאנצן דייטשן פאלק, דארף אוישוויץ איינגעשריבן ווערן אלץ א שאנד פלעק אויף אייביק.

# אל מלא רחמים

שוכן במרומים, המצא מנוחה נכונה
על כנפי השכינה. במעלות קדושים
וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים
את נשמות
אבותינו ואמותינו, אחינו,
אחיותינו וקרובינו,
שנהרגו, נשחטו, נחנקו ונשרפו
על ידי הקלגסים ה ג רמנ י י ם.

בגן עדן תהא מנוחתם. לכן בעל
הרחמים תסתירם בסתר כנפיך לעו
למים ותצרור בצרור החיים את
נשמתם וינוחו בשלום על משכבם
ונאמר

א מ ן

# פ א מ י ל י ע  ר א ק

מיינע עלטערן

ירחמיאל    הענא

מיינע ברודער

הערש    יחיאל

מ י נע  שוועסטערן

עדזיא    לילקא

אומגעקומענע דורך די דייטשע בארבארן

אין טרויער אויף אייביק
פארבליבענער

שלום ראק

# פאמיליע זשאלאנדזש

מיינע עלטערן

יהודה הערש   יענטא

מיינע ברודער

יצחק   יעקב

מיינע שוועסטערן

סורטשא   צעשא

אומגעקומענע דורך די דייטשע באַרבאַרן

אין טרויער אויף אייביק פארבליבענע

שולמית ראק /זשאלאנדזש/

# ק ד י ש

יתגדל ויתקדש שמה רבה. בעלמה די ברא
כרעותה וימלך מלכותה בחייכון וביומי
כון בחיי דכל בית ישראל בעגלה ובזמן
קרוב ואמרו

א מ ן

יהא שמה רבא מברך לעולם ולעולמי על
מיה: יתברך וישתבך ויתפאר ויתרומם
ויתנשא ויתהדר ויתהלל שמה דקדשא.
ברוך הוא. לעלא ולעלא מן כל ברכתא
ושירתא תשבחתא ונחמתא דאמירן בעלמה
ואמרו

א מ ן

יהא שלמא רבא מן שמיא וחיים עלינו
ועל כל ישראל ואמרו

א מ ן

עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום
עלינו ועל כל ישראל ואמרו

א מ ן

# אין גאַסטינין נאָכן קריג.
/ אפריל 1946 /

גליקליך זענען די, וועלכע נאָכן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, זענען נישט צוריקגעפאָרן צו זייערע געבורטס שטעט א קוק טון וואָס עס איז געבליבן פון זייערע עלטערן, ברודער און שוועסטער, וואָס זענען אזוי אומברחמנותדיק פון זיי אוועקגעריסן געוואָרן. נאָך גליקליכער (אויב דאָס קאָן מען שוין אנרופן א גליק) זענען די, וועלכע זענען בכלל געווען ווייט פון אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע און פון די בעסטיאלישע מאָרדן, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן איבער זייערע טייערסטע.

פאָר א טייל פון אונז אבער, צוריק געקומענע נאָך פוילן פון די קאָנצענטראַציאָנס-לאגערן אין דייטשלאנד צי רוסלאנד, איז געווען אונמעגליך נישט אריינכאַפּן זיך אין די שטעט און שטעטלעך, וואו מיר זענען געבוירן געוואָרן, ערטער, וואָס זענען מיט פיל פאַרביקע פאַרעמט געווען פאַרבונדן מיט אונזער קינדהייט, אונזער יוגענד, אונזערע שטרעבונגען און האָפנונגען.

*

אמאל איז גאַסטינין געווען פאַר דיר אלעס. דאָרט האָסטו געהאַט דיינע עלטערן און קרו

בים. דארט האסטו אנגעהויבן צו באוונדערן די שיי
נע נאטור, וואס דער אלמעכטיקער האט באשאפן.
דארט האסטו זיך געלערנט אין "חדר" און שולע און
באקענט זיך מיט די "קליינע אותיות" און מיט דער
רומפולער יידישער געשיכטע פון פאר צוויי טויזנט
יאר. דארט האסטו געשפינט אלע דיינע חלומות און
האפנונגען.

אמאל איז גאסטינין געווען פאר דיר
דאס שענסטע, בעסטע און טייערסטע שטעטל. פשוט
דער צענטער פון דער וועלט.

גאסטינין האט פארמאגט א טייערע יי
דישע באפעלקערונג, וועלכע האט געפיבערט מיט לע
בן און ווילן צום לעבן, א אינטעליגענטע זינגענ־
דע און טאנצענדע יוגענד, וועלכע האט געהאפט און
געשטרעבט צו א בעסערן מארגן. גאסטינין איז גע
ווען א שטעטל מיט פיל יידישע אינסטיטוציעס, חד
רים און שולן, יידישע פארטייען און ארגאניזאצ־
יעס, קולטור און ספארט פארבאנדן.

און היינט?...

ווי פרעמד זעט דיר אויס דאס
שטעטל. ווי ווייט און פרעמד. און ווען דו דריי
סט זיך ארום אין שטעטל קאנסטו געגצליך ניט
גלויבן אז אמאל האבן דא געוואוינט יידן. קיין
שפאר און קיין זכר פון א יידיש לעבן און פון
א ייד. עס דוכט זיך דיר אז דאס ערשטע מאל אין
לעבן געפינסט דו זיך דא. די פארגאנגענהייט
איז פשוט ווי ניט געווען. א חלום.



דו גייסט ארויס פון דער באהן -סטאצ

יע און איך דער ערשטער מינוט דוכט זיך דיר אז עס האט זיך גארנישט געענדערט. די גאס וואס פירט פון באהן-הויף זעט אויס ווי פריער. די זעלבע הייזער שטייען נישט צעשטערט און נישט פארברענט. די רידזיקע קאשטאן בוימער, אין ביידע זייטן פון דער גאס, גיבן א שאטן, ווי מיט פינף-צען יאר צו ריק. דו גייסט פארטראכט און עס דוכט זיך דיר אז דו ביזט מיט צען יאר יונגער און אז דו קומסט צו ריק נאך גאסטינין פון א באזוך אין פלאצק אדער קוטנא.פלוצלינג!... צי האסטו נישט פארבלאנדזשעט? וואו געפינסט דו זיך? דארט, וואו עס איז פריער געשטאנען די אלטע שוהל, דאס בית-המדרש,די מקוה, דאס הויז וואו עס האט געוואוינט דער רב, וואו זענען זיי? דו זעסט נאר א פוסטן פלאץ, אפ גערוימט, אז מען ווייס אפילו נישט אז עס איז א מאל געווען פארבויט, אז לעבעדיקע מענשן האבן דארט געוואוינט, געלעבט און געארבייט, געחלומט, געוויינט און געלאכט.

דו גייסט א קוק אויף רעכטס, וואו עס דארף זיין די פלאצקער גאס. ווי נישט די זעלבע. וואו זענען די הייזער,וואו עס האבן געוואוינט די שאיעוויטשס, די מאטילס, די כהנעס און אנדערע יידן? פשוט נישטא און נישט געווען.

דו קומסט אריין אין מארק און גראדע איז עס א טארגטאג. און אט דאכט זיך דיר אז דו וועסט טרעפן דעם "אנקל סוכער" און די "טאנטע מאשע" ביי זייער סטראגאן דינגען זיך מיט א פויער, ווילענדיק איהם פארקויפן א פאר צייגענע הויזן. דו וועסט זעען פולע דאנציגערן, דעם היטל

מאכער, אנטון א הימל אויפן קאפ פון א פוילער, א הימל, וואס איז געווען פאר איהם צוויי מאל צו גרויס אדער צו קליין. אט וועסטו זעען אנדערע יידישע פרויען און מענער ביי זייערע סטראגאנעס מיט וועש, גאלאנטעריע, שיך און אנדערע לעדערנע סחורות.סטראגאנעס מיט קנעפ, שנורעוואדלעס און זאקן, שיך-פאסטע, קרעם און זייף. מיט טעפ, שיס לען און גלאזווארג. מיט בייגל קיכלעך און צו קערווארג.

און ארום דעם מארק. דו וועסט אריין אין געשעפט פון אייזערנעם מאטיל. דארט וועסטו זיכער טרעפן אויך זיין פרוי און זיין זוהן דוד דיי אלע האבן קיין צייט צודיר, עס איז דאך א טארגס טאג. נישט ווייט פון איהם איז דאס פארבן געשעפט פון יעקב לייב פינטשעווסקי. אין גרעסטן ברען פון מארקס טאג כאפט ער א שמועס מיט א בא קאנטן וועגן עני נים פון זיין פארטיי.דו וועסט אויך אפטרעטן ביי קעללערן אין זיין מאנופאקטור געשעפט, און פון איהם וועסטו ארייגלויפן צו בוראקן אויסטרינקן א גלעזל ביר. דארט וועסטו זיכער טרעפן אלע דריי ברודער מיט די שוועסטערן און די אלטע מוטער אין דער שפיץ. אט וועסטו א דורכגיין דאס געשעפט פון דאנציגערן,דעם קאמאשן מאכער, אין וועלכן עס זיצן און ארבייטן שוועד זיינע צוויי זוהן, ליאון און שמוליק. עס וועט פון דארט ארויסלויפן די טאכטער, די "אלקאווא", און זוכן איהר קליינעם זוהן אלעש, וועלכער "וויל גארנישט עסן".

דו וועסט גיין ווייטער און אופ

טרעטן אין געשעפט פון די פרוי קאפלאן, די הויכע שוין גרויע, אבער מאיעסטעטישע פרוי. דו וועסט איהר אפגעבן א גרוס פון איהרע צוויי שוועסטער, רחל און אירקא, ווי אויך פון איהר זוהן ליאוש, וואס שטודירן אין ווארשע. דו גייסט שנעל אדורך דאס געשעפט פון די פאמיליע זשיכלינסקי. זייער טאכ טער, רוזשקא, האט קיין צייט זיי צו העלפן אין גע שעפט, זי מוז זיך צוגרייטן צו א "זביורקע" אין בית"ר. דו וועסט אויך אדורכגיין די געשעפטן פון די קליינבארטס, מאקאווסקיס און אנדערע.

דו וועסט אדורך דעם מאגיסטראט. דו גייסט אריין אין גאלדמאנס פאפיר געשעפט. אפשר זענען אנגעקומען עפיס נייע ביכער. דו וועסט אפ טרעטן אין דער בעקעריי פון ווארקאוויטשן און דער מאנען משהן אז מען דארף צוזאמענרופן די בית"רים וואס דארפן אנטיילנעמען אין דער זומער קאלאניע.

נישט ווייט פון ווארקאוויטשן שטייט דאלעק זשיכלינסקי. ער בעט דיך אריין אין אונ טערשטן צימער און רעדט זיך אראפ פון הארצן, קלא גענדיק אויף די אומדאנקבארע וועלט, וואס וויל נישט פארשטיין די גרויסע און ערהאבענע אידעען, וואס ער, דאלעק זשיכלינסקי, האט אויסגעטראכט. דו וועסט אויך אריינגיין צו גלאנצן אין זיין שיך געשעפט (דו האסט דאך עפיס געמיינזאמעס מיט איהם, דיין פאטער איז דאך פון דער זעלבער בראנזשע).

ארויסגייענדיק פון גלאנצן וועסטו זיכער אריין אין דער צוקערניע פון דזיענטשאלן. דארט וועסטו קויפן א "לאדע" פאר פינף גראשן און אויסטרינקן א גלאז "סאדא-וואסער". דארט וועסטו

אויך טרעפן איסר מאיר מאטילן, דעם וויצ-לער פון שטעטל, און ארום איהם א גרופע יידן, די מערסטנסטייל יונגוואַרג און לידיקגייערס. זיי שטייען אלע מיט אפענע אויגן און אפענע מוילער און הארכן זיך צו די וויצן, וואס ער דערציילט.

•

די ווילסט אריינגיין צו יעדערן ייד וואו ער געפינט זיך נאר, אין שטוב, געשעפט און מארק, זיי אלע ארומנעמען, קישן און מבשר זיין: "יידן, מיר שטייען אויף דער שוועל פון באפריי-אונג. נאך אביסל וועלן צוריסן ווערן די קייטן פון לאנגן און שווערן גלות. גרייט אייך אלע צו דער גליקליכער שעה"!

פלוצלינג...די מאכסט אויף די אויגן די שטייסט אין מיטן מארק, ארומגערינגלט מיט פוי-ערן און פויערטעס, קויפערס און פארקויפערס, א רום איז א געשריי, א געפילדער און א געיעג. די פויערן קוקן דיך אן ווי דו וואלסט געקומען פון אן אנדערע וועלט. "זשידזיע, וואס מאכסטו צווישן אונז? צי זענען נאך געבליבן יידן אין גאסטינין"

דער מארק איז פול מיט מענטשן. אבער דיר דוכט זיך אז דו געפינסט זיך אויף א בית-הקברות. די פויערן שרייען ארום דיר, דו הערסט אבער גארנישט. א שטילקייט הערשט אין שטעטל אין סאמע ברען פון מארקס טאג. נישטא מעהר די יידן, וועלכע האבן צוגעגעבן א ספעציעלן, לעבעדיקן אויסזעען די פוילישע יידישע שטעטלעך.

•

די גייסט אריין אין דער זאמקאווא

גאס. אונטערן נומער 2 איז דאס געשעפט פון דיין שווער זשאלאנדזש. דו גייסט אריין, נעמסט ארופ דאס היטל, "טשי מאזשנא" ? מעג איך אריינגיין ? בעסער וואס שולמית האט דאס נישט בייגעוואוינט מען קוקט דיך אן ווי דו וואלסט נישט געווען ביים זינען. וואס וויל דער פרעמדער מענש דא ? ווער ביזטו ? גיי, דערציייל זיי, די ערלים, אז דא האט דיין פרוי איבערגעלאזט איהרע טאטע-מאמע, איהרע ברודער און שוועסטער, איבערגעלאזט אויף אייביק. אז דא האט זי שהן לאנג געחלעמט וועגן א בעסערן און שענערן מארגן, וועגן א פריי לעבן פאר אלע מענשן, אן אויסנאם.

מיר זענען געבליבן ביי אונזערע חלומות. א טייל פון זיי זענען אויך פארווירקליכט געווארן. זיי אבער, אונזערע טייערסטע און ליבסטע, זיי האבן שוין אויף אייביק פארלאזט די זינדיקע ערד. און יעצט בעטן זיי אפשר ביים רבונו של עולם אז זייערע קינדער, קרובים און דאס גאנצע יידישע פאלק, זאלן שוין האבן א בעסער, שענער, רואיקער, נארמאלער און גליקליכער לעבן, ווי זיי האבן געהאט.

*

דו גייסט ווייטער. אויף דער זאמקאווא גאס. נישטא מעהר לינדערמאן, דער פילאזאף פון שטעטל, א קלוגער און גוטער ייד. נישטא מעהר קראשניעווסקי, דער הייסער און געטרייער ציוניסט נישטא די בעלפערס, צווייגהאפטס און אנדערע גוטע יידן, וואס האבן באוואינט דאס געסל.

דו גייסט אריין אין שניידער געסל.

דא זענען אמאל געווען די גאסטיניגער נאלעווקעס. היינט?...שא, שטיל, ווי אויסגעשטארבן. עס גיט דיך א כאפ ביים הארצן און עס ווערט דיר שווארץ אין די אויגן. צי ווירקליך גאר ווי אויסגעשטארבן? זיי זענען דאך דערמארדעט, פארסמט, געהאנגען און פארברענט געוואן די באטשאנס,די שיערס, ניימאנס, רוסאקס, זיידעמאנס, גערשטס און אנדערע הונדערטער טייערע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער. אומגעקומען איז זייער לעבן מיט זייער גוטס, זייערע שטרעבונגען און האפנונגען.

ווי נאענט איז דיר אמאל געווען דאס שטעטל גאסטינין און ווי פרעמד איז עס היינט. דו גייסט אדורך פון איין גאס אין דער צווייטער און קיין זכר איז נישטא פון דעם ברויזענדיק, ווארים יידיש לעבן. קיין סימן און קיין אנדענקונג. קיין איין ייד איז נישטא אין שטעטל. גאס טינין איז געווארן "יודענריין".

באמערקונג:

אין דער צייט ווען דאס איז געשריבן געווארן האט דער שרייבער פון די אויבנדערמאנטע שורות געטראפן נאר צוועלף יידן אין גאסטינין. און כאטש זיי זענען געווען פריי און גע קאנט טון, וואס זיי ווילן, האט מען זיי געגצליך אין גאסטינין נישט אנ געזען. ווי נישט געווען.

## זאג נישט קיינמאל
## אז דו גייסט דעם לעצטן וועג .
(פארטיזאנער ליד)

זאג נישט קיינמאל אז דו גייסט
דעם לעצטן וועג
הימלען בלייענע פארשטעלן
בלויע טעג
קומען וועט נאך אונזער
אויסגעבענקטע שעה
סוועט א קלאפ טון אונזער טריט,
מיר זענען דא !

פון גרינעם פאלמען לאנד ביז ווייסן
לאנד פון שניי
מיר זיינען דא מיט אונזער פיין
און אונזער וויי
און וואו געפאלן איז א טראפ
פון אונזער בלוט
שפראצן וועט דארט אונזער גבורה,
אונזער מוט

סוועט די מארגן זון פארגילדן
אונז דעם היינט
אונזער נעכטן וועט פארשווינדן
מיטן פיינד
נאר איבער פארזאמען וועט דאך זיך
אונזער קאיאר
ווי א פאראל זאל גיין דאס ליד
פון דור צו דור.

געשריבן איז דאס ליד מיט בלוט
און נישט מיט בליי
ס'איז נישט קיין לידל פון א פויגל
אויף דער פריי
דאס האט א פאלק צווישן
פאלענדע ווענט
דאס ליד געזינגען מיט נאגאנען
אין די הענט.

טא זאג נישט קיינמאל אז דו גייסט
דעם לעצטן וועג
כאטש הימלען בלייענע פארשטעלן
בלויע טעג
קומען וועט נאך אונזער
אויסגעבענקטע שעה
סוועט א קלאפ טאן אונזער טריט
מיר זענען דא!

*